## מאַרק טווען

# יונגע גזלנים

באַרבעט דורך דן קאַפּלאָוויטש.

---

---

פארלאג / ב. שימין /

וואַרשע 1923

# I.

— טאָם!

קיינער ענטפערט נישט.

— טאָם!!

עס איז טויט־שטיל.

— וואָס איז דאָ מיט דעם יינגל געוואָרן? טאָם!!!

די אַלטע פריצטע האָט אַראָפּגעלאָזן די שפּאַקולן אויפן נאָז, און אויפהויבנדיק די אויגן איבער די גלעזער, האָט זי אומרואיק באַטראַכט דאָס צימער. דערנאָך האָט זי די שפּאַקולן איבערגערוקט אויפן שטערן און געקוקט פון אונטער די גלעזער. בכלל האָט זי דורך די שפּאַקולן גופא קיינמאָל נישט געקוקט, מחמת זי האָט זיי געטראָגן נאָר פון גאווה־וועגן און אַלצאיינס האָט מען אין זיי גארנישט געקאָנט זען. זי איז אַ קליינע ווײַלע געשטאַנען אויפן מיטן צימער אַן ווערטער, נאָר באַלד האָט זי מיט אַ לאַנגער באַרשט אָנגעהויבן שאַרן און זוכן אונטערן בעט, ריידנדיק דערביי צו זיך אַליין מיט אַ קורצן אָטעם:

— ווען איך כאַפּ אים איצטער, דעם יינגאַטש, וואָלט איך אים...

ס׳האָב נאָך אין לעבן אַזאַ יינגל נישט געזען!

אָבער נישט קיין ייִנגל האָט זי פֿון אונטערן בעט אַרויסגעשאַרט, נאָר אַ גרויסע שוואַרצע קאַץ, און פֿון גרויס עגמת־נפֿש איז די אַלטע אַרויס אויפֿן גאַניק און האָט געזוכט דעם ייִנגל צווישן די געדיכטע ביימער און הויכע גראָזן פֿון אייגענעם סאָד. ס'איז אָבער פֿון טאָמן אין ערגעץ קיין סימן נישט געווען. די אַלטע האָט ווידער הויך אויפֿן קול אָנגעהויבן רופֿן:

— טאָ — טאָם!

אין דער רגע האָט עפּיס אַ קנאַק געטאָן פֿאַרביי איר" און ווען זי האָט זיך אַ קער געטאָן אָן אַ זייט, האָט זי פּונקט געטראָפֿן אָנ־צוכאַפּן דעם ייִנגל אין רעכטן לויפֿן פֿאַרן אַרבל.

— אַזוי גאָר! — האָט אים די אַלטע געטרייסלט פֿאַרן האַנט, — האָסטו גאָר געמאַכט אַ וויזיט אין הויז־אַלמער! וואָס האָסטו דאָרטן געטאָן, האַ?

— גאָרנישט.

— גאָרנישט, זאָגסטו?! קוק זיך אָקאָרשט איין אויף דײַנע הענט און אויף דײַן מויל! מיט וואָס האָסטו זיך דאָס אויסגעשמירט?

— כ'ווייס נישט, מומע!

— אָבער איך ווייס! — וואַרעניע איז דאָך דאָס! פֿערציק מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז אויב דו וועסט נישט צורו־לאָזן די וואַרעניע, וועל איך דיך שמײַסן, געדיינקסט? שוין ברייג מיר אַ רוט!

די מומע פּאָלי האָט שוין אַ פֿאָך געטאָן מיט דער רוט אין דער לופֿטן, און ס'האָט בשום־אופֿן נישט אויסגעזען, אַז דער ייִנגל וועט זיך אויסדרייען פֿון שמיץ. אָבער...

— טאַטעלאַך מײַנע! מומע! קוקט זיך נאָר איין, מומע, וואָס בײַ אײַך איז הינטערן פּלייצע!

די אַלטע האָט זיך אויף אירע גליטשיקע שיך אַ דערשראָקענע אומגעדרייט אויף הינטן, און כהרף־עין איז שוין דער ייִנגל דער־ווײַלע אַריבערגעשפּרונגען דעם הויכן פֿאַרקאַן און ס'איז פֿון אים אַפֿילו קיין זכר נישט געבליבן.

די מומע פּאָלי איז פֿון דעם ייִנגלס פֿלינקייט אַזוי איבערראַשט

געוואָרן, אַז זי איז לכתּחילה געבליבן שטיין ווי אין הין-הער-
פלעט, און האָט נאָר געזוכט מיט די אויגעז פון אונטער די שפּאַ-
קולן דעם יינגאַטש, וואָס איז אַזוי געשווינט נעלם געוואָרן. ערשט
אין אַ היבשע ווײַלע אַרום האָט זי זיך אַליין שטילערהייט צע-
לאַכט, ריידנדיק דערבײַ אויפ'ן קול:
—אָט דאָס איז אַ יונג! וויפיל מאָל האָט ער מיר שוין געמאַכט
צום נאַר און כ'בין נאָך אַלץ קיין מבין נישט אויף זיינע שטיק!
אַ שד איז דאָס, נישט קיין יינגל! אגב ווייס ער שוין גוט מיין
שוואַכקייט: גייט מיר נאָר אַ ביסל אָפּ דער כעס—וועל איך אים
שוין אַלצאיינס גאָרנישט טאָן, און מער ווי אַרויסגליטשן זיך פון
מיינע הענט דאַרף ער נישט.
אמת, אַז בשעת איר גיט זיך אַמאָל איין צו כאַפּן דעם יינגל
ביי דער האַנט און זי רייסט אים גוט אָן פאַר די אויערן—האָט זי
דערנאָך אויך שטאַרק חרטה, וואָרום טאָם איז דאָך אַ יתום. און
זי, מומע פאָלי, פאַרבייט דאָך אים אַ מוטער, וועלכער ס'טוט
ווי דאָס האַרץ פאַרן קינד. אָבער אַלס שוועסטער פון זיין פאַר-
שטאָרבענער מוטער איז זי מחויב אויף אים השגחה צו געבען—
ער קאָן דאָך אַזוי, חלילה, אויסוואַקסן אַ ווילדער! און די מומע
פאָלי באַשליסט ביי זיך:
—היינטיקן אָוונט זאָל ער שוין הוליען און דערפאַר מאָרגן—כאָטש
ס'איז זונטאָג און ביי אַלעמען איז יום-טוב — וועט ער ביי מיר
דעם גאַנצן טאָג מוזן אַרבעטן.
טאָם האָט זיך געזוימט שיינע עטליכע שעה און פון זיין
צעהיצטן פּנים איז טאַקע קענטיק געוועזן, אַז ער האָט זיך אָנ-
געשפּילט און אָנגעשטיפט צו זאַט. געקומען איז ער אַהיים פאַר-
נאַכטלעך טאַקי אַקוראַט צום אָוונטברויט. באַלד ווי ער איז אַריין
אין שטוב, האָט ער זיך די ערשטע זאַך צוגערוקט צו זייער הויז-
משרת דעם נעגער דושים, וועלכן ער האָט אונטערגעהאָלפן אָנ-
זעגן האָלץ און אָנשפּאַלטן קינעלעך אויף מאָרגן, דערביי האָט
ער שטילערהייט דושימען דערציילט וועגן אַלע זיינע שטיפערייען,
וואָס ער האָט באַוויזן אויפצוטאָן פאַר די עטליכע שעה און איז
כסדר אונטערגעשפּרונגען אויף איין פוס. טאָמס יינגערער ברו-

דערל, אָדער ריכּטיקער—זיין יונגערער שטיף-ברודער מיטן נאָמען סיד, האָט אויך געהאַלפן דזשימען אויפקלויבען די אָנגעשפּאָלטע־נע קינעלעך פון דער ערד. אָבער טאָם האָט מיט זיין ייגגערן ברודערל גאָר קיין עסק נישט געהאַט, וואָרום יענער איז געווען אַ שטילער, אַ רואיקער און אַ געהאָרכזאַמער—פּונקט דער היפוך פון טאָמען.

אַז מען האָט זיך געזעצט צום טיש עסן אָוונט-ברויט האָט די מומע פּאָלי דורכאויס געפּרובט דערגיין ביי טאָמען, וואו ער איז געווען און וואָס ער האָט געטאָן. איבערהויפּט האָט זי גע-וואָלט דערוויסן זיך, צי איז טאָם געגאַנגען צום טייך באָדן זיך. אָבער פון זיינע תשובות האָט זי קיין טאָלק נישט געקאָנט דער-גיין, וואָרום טאָם האָט פאַרשטאַנען דער מומעס כוונות און זופג-דיק די קאָווע, האָט ער אויף אַלץ געענטפערט:

—אוהו... מוהו, מאַדאַם...

—און ס'איז דיר גאָרנישט הייס געווען די גאַנצע צייט? — האָט אים די מומע געוואָלט צעטומלען.

—הייס... אָט האָבן טאַקי אַ סך יינגלעך פון אונז זיך אָפּגעפרישט אונטער אַ קאַלטן קראַן וואַסער... ביי מיר איז דער קאָפּ איצטער אויך נאַס פונם וואַסער.

די מומע האָט געהאַט נאָך אַ סימן. זי האָט אים מיט אַ כּיון פאַרנייט דעם קאָלנער פון העמד, כּדי זי זאָל וויסן, צי האָט זיך טאָם ערגיץ אויסגעטאָן אָדער נישט.

—נו, באַווייז אָקאָרשט דעם קראַגן!

—אָט איז דאָס! נאַט, קוקט זיך איין!

און די מומע איז געבליבן צופרידן: ער האָט זיך פאָרט געבאָדן! דערביי האָט די אַלטע פאַר זיך געטראַכט, אַז אינדערראמתן איז טאָם גאָרנישט אַזאַ צולאָזענער—ער מאַכט זיך נאָך אַ סך ערגער ווי ער איז.

נאָר דאָ האָט דער יינגערער ברודער סיד פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן:

—מומע, דו האָסט דאָך אים היינט פאַרנייט דעם קאָלנער מיט ווייסע פעדעם און איצטער איז דער קאָלנער ביי אים צוגענייט מיט שוואַרצע.

—אַוודאי האָב איך אים פאַרגייט מיט ווייסע!—האָט די מומע אויסגעשריען:—טאָם, וואָס איז דאָס, האַ?

טאָם האָט אָבער אויף קיין גליקן נישט געוואָרט, און שטייענדיק שוין הינטערן טיר, האָט ער געסטראַשעט סידן מיטן האַנט:

—איך וועל זיך שוין מיט דיר אָפּרעכענען, שנעק איינער!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין טאָם געווען אויף אַ היבשן מהלך אין שטוב און ער האָט באַלד טאַקע פאַרגעסן וועגן אַלע זיינע צרות. אים איז פּלוצלונג איינגעפאַלן גאָר-גאָר אַ נייער פּלאַן, וועלכער האָט פאַרטריבן פון אים אַלע זיינע דאַגות, און דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ער זאָל איצטער פּרובן נאָכמאַכן, ווי ס'פייפט זייער נעגער דזשים. דאָס איז געווען גאָר אַ באַזונדער מין קונציקער פייף מיט פאַרשיידענע ברומערייען, און כדי אָט דער פייף זאָל זיך אינגאַנצן איינגעבן, האָט טאָם געדאַרפט אַקוראַט צוטרעפן דעם אָרט אויפן גומען און אויפן צונג, וואו מ'דאַרף צודריקן מיט אַ פינגער. אַז דער פייף איז אַרויסגעקומען געראָטן, איז טאָמס שמחה געווען אין לשער, און שפּרייזנדיק איבערן גאַס, האָט דער יינגל געאַרבעט מיט אַזאַ התמדה, אַז ער האָט בעת-מעשה אָן דער גאַנצער וועלט פאַרגעסן.

אַנב איז דאַן געווען אַ וואַרימער זומער־פאַרנאַכט—ס'איז נאָך אַפילו גוט ליכטיק געווען אויך, און פּלוצלונג דערזעט טאָם, ווי ס'גייט נישט ווייט פון אים אַן אומבאַקאַנטער פרעמדער יינגל כמעט אין זיין גרויס. אין אַזאַ קליין שטעטל ווי פּיטסבורג מאַכט בכלל יעדע נייע צורה אַ גרויסן רושם, און בפרט נאָך, אַז דער אומבאַקאַנטער יינגל איז געווען זייער שיין אויסגעפּוצט אין אַ געווינלאַכן וואָכעדיקן טאָג. טאָם האָט זיך אויסגעגלייכט מיטן פרעמדן יינגל, און בלייבנדיק שטיין אויף אַן אָרט, האָבן ביידע געקוקט איינער דעם אַנדערן גלייך אין די אויגן אַריין. טאָם האָט אַפילו געפּרובט מאַכן אַ מינע פון אַ בעל־גאווה, אַז ער ווערט גאָר קנאַפּ וואָס נתפּעל פון דעם יינגלס געוואַנטענעם קאָסטיום, פון זיינע געפּוצטע סאַנדאַליעס און אַפילו פון דער קאָלירטער לענטע, וואָס איז געווען אויסגעפּלאָכטן ביים יינגל אויפן האַלדז ווי אַן אמתער קראַוואַט. אינדערעמתן אָבער האָט טאָמן זייער פאַרדראָסן די

מעשה און דער גרויסשטעטישער אויסזען פונם פרעמדן ייִנגל האָט אים שטאַרק באַליידיקט. האָבן ביידע ייִנגלעך אָן ווערטער געקוקט איינער אויפֿן אַנדערן און געקוקט אַזוי לאַנג, ביז וואַנען טאָם האָט סוף־כּל־סוף אַ זאָג געטאָן:
—און אַז איך זאָל ווען, קאָן איך דיר אָנברעכן די ביינער!
—כ׳וואָל דאָס טאַקע אויף טשיקאַוועס געוואָלט זען.
—וואָס איז אַזוי? און איך וועל דאָס טאַקע באַלד טאָן אויך!
—דו וועסט דאָס נאָך נישט טאָן.
—כ׳וועל דאָס יאָ טאָן!
—זאָל זיך דוכטן, אַז דו וועסט דאָס נאָך נישט טאָן!
—כ׳וועל דאָס יאָ טאָן!
אַ קורצע ווײַלע האָבן ביידע געקוקט איינער אויפֿן צווייטן ווי אַפֿאָר הענער און געשוויגן. דערנאָך האָט טאָם איבעראַנייס אָנגעהויבן:
—ווי רופֿט מען דיך, האַ?
—נישט דיין עסק.
—געדיינק, דו וועסט כאַפּן קלעפּ!
—אַדרבא, לאָמיר דאָס טאַקע זען!
—זאָג מער נישט נאָך צוויי ווערטער...
—צוויי ווערטער, צוויי ווערטער, צוויי ווערטער... אָט האָב איך שוין געזאָגט, נו?
—אַז איך וויל, קאָן איך דיך אַוועקלייגן מיט איין האַנט... די אַנדער האַנט מיינע קאָן איך אַפֿילו צובינדן צום פּלייצע, פֿאַרשטייסט?
—טאָ פֿאַרוואָס טוסטו דאָס נישט? דו זאָגסט דאָך, אַז דו קאָנסט!
—אודאי קאָן איך, און איך וועל דאָס טאָן אויך, אויב דו וועסט קריכן אין די אויגן.
—אַ באַרימער איז גוט צו שלאָגן.
—פּראַנטל איינער! מיינסט אינדערואמתן, אַז דו האָסט זיך אויסגעפּוצט, ביזטו שוין אַ גאַנצער קנאַקער! זע־זע, ס׳אַרא היטעלע ער האָט דאָס אָנגעטאָן!

—קאָנסט דאָך עס צערייסן, אויב עס געפעלט דיר נישט. נו, פרוב, אדרבא, אַראָפּוואַרפן מיין היטל פון קאָפּ! אַי, וועסטו דאָס דערמאָנט פון מיר כאַפּן...

—פון דיר!?

—פון מיר!

—פון דיר!?

—פון מיר.

—ביזט אַ באַרימער און אַ ליגנער!

—גוט־גוט—טראָג זיך אָפּ, טראָג זיך...

—הער דו, אויב דו וועסט זיך נאָך רייצן, וועל איך דיר באַלד אָט מיט דעם שטיין דערלאַנגען אַזוי...

—טאָ וואָס־זשע וואַרטסטו? ער רעדט מער נישט און סטראַשעט און טוט גאָרנישט. האָסט מורא, האַ?

—ס'הויבט זיך גאָרנישט אָן!

—אודאי האָסטו מורא!

—מורא? אַ קאָפּ נישט?

—אוי ציטערסטו!

—ווידער זיינען זיי ביידע אַנטשוויגן געוואָרן, האָבן נאָכאַמאָל באַטראַכט איינער דעם אַנדערן ביז זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט גלייכע צו פלייצע.

—טראָג זיך אָפּ פונדאַנען!—האָט טאָם העלדיש אַ געשריי געטאָן.

—טראָג זיך אַליין אָפּ!

—וויל איך נישט!

—און איך וויל אויך נישט!

דאָ האָבן זיך ביידע ייִנגלעך געוואָרפן איינער אויפן צווייטן מיט אַזאַ אימפּעט און שנאָה, אַז ס'האָט זיך געדוכט—אָט-אָט און פון ביידן בלייבט קיין זכר נישט. זיי האָבן זיך געוואָרפן און געשליידערט אויף אַלע זייטן, און ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אָפּגעראַנגלט אַ לאַנגע צייט און קיינער האָט נישט געקאָנט ביי־קומען—זיינען זיי, רויטע, פאַרשוויצטע און פאַרסאָפּעטע, ווידער געבליבן שטיין איינער אַנטקעגן אַנדערן, דערביי האָט טאָם

מודיע געווען זיין שונא:

—וואַרט, וואַרט! איך וועל אָקאָרשט אָנרייצן אויף דיר מיין על־טערן ברודער! מיטן קליינינקן פינגער פון איין האַנט וועט דיר מיין עלטערער ברודער איבערקוליען פינפאונצוואַנציק מאָל. ער וועט דיר שוין באַווייזן, נישקשה!

—וואָס איך האָב שוין מורא פאַר דיין ברודער! איך האָב אַ ברו־דער, איז ער נאָך צען מאָל גרעסער פון דיינעם, און ער וועט אים מיט איין האַנט אַריבערשליידערן איבערן פאַרקאַן.

—ס'איז אַ ליגן!

—וועסט שוין זען פאַרטיקערהייט!

מיטן גרויסן פינגער פון פוס האָט טאָם דערווייל געמאַכט אַ סימן איבערן זאַמד און האָט געזאָגט:

—איך פאַרווער דיר אַריבערצושפּרינגען איבער אָט דעם פאַס, דו הערסט? און טאָמער שטעלסטו נאָר דאָ אַ־גידער אַ פוס — וועסטו שוין פון מיינע הענט קיין לעבעדיקער נישט אַרויס!

דער פרעמדער יינגל האָט זיך אויף צו־להכעיס אונטערגעאײַלט דוקאָ אַריבערצושפּרינגען דעם פאַס אויפן זאַמד, זאָגנדיק מיט גאווה:

—אָט וועלן מיר טאַקע זען, ווי דו וועסט דאָס טאָן!

—גיי בעסער אַוועק! איך זאָג דיר, בעסער טראָג זיך אָפּ פונ־דאַנען.

—די האָסט זיך דאָך באַרימט, אַז דו וועסט מיך שלאָגן — פאַר וואָס האַלטסטו נישט קיין וואָרט?

כהרף־עין זיינען שוין ביידע יינגלעך געלעגן איינער אויפן אַנדערן אויף דער ערד אין זאַמד און בלאָטע, האָבן געריסן איינער דעם צווייטן פאַר די האָר, פאַרן נאָז, געדראַפּעט זיך די אויגן, גע־ריסן איינער דעם אַנדערן די הענט און די באַקן און האָבן זיך געקוליעט אין שטויב איינער אַרויף, דער אַנדערער אַראָפּ אָן אַ סוף. ענדלעך האָט טאָם בייגעקומען. ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט פון אויבן, אויפן פרעמדן יינגל, האָט אים אָן רחמנות געשלאָגן מיט די פויסטן איבערן קאָפּ, איבערן פּלייצע און האָט בעת־מעשה מיט נצחון גערעדט:

—אַהאַ, באַרימטער איינער! גוט געקראָגן, האַ? נאַ דיר נאָך, נאַ! בעט מיך איבער, דו הערסט? נאַ דיר נאָך, נאַ! אַנטשולדיק זיך פאַר מיר, זאָג איך דאָך דיר!

דער פרעמדער יינגל האָט זיך געבעך געריסן און געשריען מיט אַלע כוחות. ס'האָט אים אָבער גאָרנישט געהאָלפן—טאַם איז אַלץ געריטן אויף אים און געשמאָטן מיט קלעפ, ביז דער יינגל האָט זיך אָנגעהויבן בעטן: לאָז מיך אָפּ! און דעמאָלט ערשט האָט אים טאַם אַרויסגעלאָזן פון זיינע הענט, זאָגנדיק דערביי:

—וועסט שוין האָבן צו געדיינקען! איצטער וועסטו שוין וויסן ווי צו קריכן אין די אויגן!

דער פרעמדער יינגל איז אַוועק אַ פאַרוויינטער, ווישנדיק מיט ביידע הענט זיינע באַשמוצטע בגדימלעך. ער האָט זיך נאָר אַ פּאָר מאָל אָפּגעקערט און געסטראַשעט פון דערווייטנס, אַז ער וועט זיך נאָך ווען ס'איז אָפּרעכענען, און צום סוף האָט ער טאַקע אַ וואָרף געטאָן מיט אַ שטיין און געטראָפן טאָמען אין דעם רעכטן פוס. טאָם האָט זיך אַוועקגעיאָגט נאָכן יינגל אַזש ביז זיין שטוב, וואו יענער האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו זיך אַהיים און האָט דורך אַ פענסטער אַרויסגעשטעלט טאָמען אַ גרויסע צונג. טאָם האָט נאָך געפּרובט וואַרטן ביים טויער, אפשר וועט דער יינגל אַרויסגיין. אָבער דערוואַרט האָט ער זיך גאָר אויף דעם יינגלס מאַמע, וואָס האָט געהייסן טאָמען שוין, טאַקע די רגע, אָפּטרעטן פון דאָרטן.

אַהיים איז טאָם געקומען זייער שפּעט. ער איז אפילו אין שטוב אַריינגעקראָכן זייער שטיל, דורך אַ פענסטער, כדי קיינע זאָל נישט הערן. אָבער די מומע פּאָלי האָט בכיון אויף אים געוואַרט, און בשעת זי האָט דערזען אויף טאָמען די פאַרשמוצטע קורטקע און איינגעשמירטע הויזן, האָט זי פאַר זיך נאָך אַמאָל באַשלאָסן:

—דעם ערשטן יום-טובדיקן טאָג וועל איך דעם יינגל אַוועקזעצן ביי אַ שווערער אַרבעט. איך מוז דאָס טאָן צוליב זיין אייגענער טובה!

## II.

ס'איז געווען אַ שיינער פרישער און וואַרעמער **זומער-פרימאָרגן**. **אַלץ אַרום** האָט געבליט און געשמעקט מחיה נפשות, און מחמת ס'איז נאָך דערצו געווען אַ **יום-טובדיקער טאָג**, **איז דער עולם געגאַנגען פאַרפוצט און** מיט **פריילעכע פנימער. דעם קליינעם טאָם** נאָר **איז געווען** גאָרנישט **יום-טובדיק אויפן האַרצן**. די **אַלטע** מומע **פאָלי האָט באַשלאָסן** כאָטש **איינמאָל באַשטראָפן אים טאַקע** אויף **אַן אמת**, און **טאָם האָט נעבעך** געמוזט יענעם פרימאָרגן אַרויסגיין מיט אַ גרויסן **עמער קאַלך**, מיט **אַ לאַנגן פענדזל** אויפן **פלייצע און אַליין** מיט **די אייגענע הענט שטעלן** זיך **ווייסן און קאַלכן** דעם **געמויערטן פאַרקאַן אַרום** זייער **הויז. און אַ שטיקל אַרבעט איז דאָס געווען** נישט **קיין** לייכטס. **דער פאַרקאַן האָט געהאַלטן אוודאי פינפאונצוואַנציק אַרשין** אין **דער** לייגג **פון כמעט צוואַנציק אין דער הויך. איז טאַקי טאָם** געשטאַנען **ביים עמער קאַלך, האָט געקוקט אויפן גרויען שטיינערנעם פאַרקאַן** מיט **אַזעלכע** אומעטיקע אויגן, ווי **אים וואָלט, הלילה, געטראָפן דער גרעסטער אומגליק**, ביז ער

האָט זיך אין אַ טיפֿער מרה-שחורה אַראָפּגעלאָזט אויף אַ דערבײַ-איקן שטיין, האָט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף בײדע הענט און געטראַכט דערבײַ, אַז גאָטס וועלט איז אײגנטלעך זײער אַן אומעטיקע, אַז די וועלט איז פֿול מיט צרות און עגמת-נפש און אַז דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן איז אַ צעבראָכענע פּרוטה נישט ווערט.

טאָע האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז מיט דער מומע פּאָלי טאָר מען צופֿיל שפּאַס נישט טרײַבן און אַז קײן חכמה גילט דאָ נישט—מען מוז ווי ס'איז אָפּקאָלכן דעם פּאַרקאַן. ער האָט זיך אַנידערגעשטעלט, האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן, האָט גענומען אײַנגעטונקט דעם פּענדזל אין דעם עמער קאַלך און האָט עטלעכע מאָל אַ פֿיר געטאָן איבערן גרויסן פּאַרקאַן; אָבער די מלאָכה איז אים פֿאָרט נישט געפֿעלן געווען, און איבערהויפּט האָט אים פֿאַרדראָסן, וואָס באַלד וועלן דאָך אַוודאי זײַנע באַקאַנטע ייִנגלעך-חברים, יום-טובדיק אויסגעפּוצטע, דערזען אים בײַ דער אַרבעט און וועלן לאַכן פֿון אים און וועלן פֿאַרלירן יעדער רעספּעקט צו אים. טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער פֿון דערווײַטנס דערזען זײַער נעגער דזשים, וואָס איז געגאַנגען מיט אַן עמער צום ברונעם נאָך וואַסער.

—דזשים!—האָט אים טאָם צוגערופֿן.—דזשים!

—וואָס איז?—האָט אים דזשים געפֿרעגט,—וואָס האָסטו געוואָלט?

—גאָרנישט, אַ קלײניקײט. כ'האָב דיך געוואָלט בעטן, דו זאָלסט אַ ביסל ווײַסן דעם פּאַרקאַן, און איך וועל דערפֿאַר פֿון דײַנטוועגן צולויפֿן צום ברונעם נאָך וואַסער.

—כ'קאָן דאָס נישט, טאָם—איך האָב מורא!

—וואָס איז דאָ די מורא! אַ גרויסע זאַך דאָס איז! אָט נעם דעם פּענדזל און ווײַס אָפּ אַ שטיקל פּאַרקאַן.

—וואָס רעדסטו, טאָם! די אַלטע פּריצטע האָט מיר אפשר צען מאָל אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל גײן גלײַך צום ברונעם און אַז איך זאָל זיך, חלילה, מיט קײנעם נישט אָפּשטעלן רײדן. זי האָט טאַקע געזאָגט: כ'ווײס, אַז טאָם וועט דיך בעטן קאַלכן פֿאַר אים

דעם פֿאַרקאַן, אָבער דו זאָלסט אים נישט פֿאָלגן, וואָרום כ׳וועל באַלד אַליין אַרויסגיין אַ קוק טאָן ווי ער ווייסט.
—דאָס איז נאַרישקייטן, דזשים—מאַלע וואָס זי זאָגט! אָט דו פֿאָלג מיך. שטעל זיך אַ ווײַלע קאַלכן די וואַנט און איך וועל דערווײַל אונטערלויפֿן מיט דײַן עמער צום ברונעם. יאָ, דזשים?

—אוי, כ׳האָב מורא, טאָם! איך ציטער פֿאַר דער אַלטער פּריצטע! זי וועט מיר געוויס דעם קאָפּ אַראָפּרײַסן, אוודאי וועט זי מיר דעם קאָפּ אַראָפּרײַסן!
—וואָס רעדסטו, דזשים?! די מומע האָט נאָר ליב צו ריידן—אָבער עמיצן אָנרירן קיינמאָל אין לעבן נישט! העכסטנס כאַפּט זי אַמאָל דעם פֿינגערהוט און רײַבט מיט אים איבערן קאָפּ—אַ גרויסע מעשה דאָס איז! זי האָט דאָס מיר עטלעכע מאָל אַזוי געטאָן, אָבער ס׳טוט אַ קאָפּ נישט ווײ, כ׳קאָן דיר שווערן!

—כ׳האָב מורא...
—דו ווייסט וואָס, דזשים! איך פֿאַרלאַנג פֿון דיר נישט אומזיסט! איך וועל דיר דערפֿאַר געבן... איך וועל דיר אַוועקשיינקען מײַן אײַזערנעם רעסל!
דזשים האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, אַז ער קאָן דאָס אים נישט טאָן.
—דו ווייסט, דזשים, כ׳וועל דיר נאָך אַוועקגעבן מײַן לופֿט-באַלאָן, וואָס מ׳לאָזט פֿליען און מ׳ציט פֿאַר אַ שטריקל! גוט, האַ?

—אַ פֿיינע זאַך איז דאָס, אוודאי וואָלט איך וועלן האָבן אַ לופֿטבאַלאָן, אָבער מײַן אַלטע פּריצטע—כ׳האָב פֿאַר איר אַזוי מורא, אַ גרויל!
דזשים האָט אָבער נישט געקאָנט בײַשטיין דעם נסיון און האָט זיך סוף-כל-סוף געלאָזט אײַנריידן. ער האָט שוין אפֿילו גענומען דעם פּענדזל אין האַנט, אָבער טאָמס שמחה איז גע־ווען זייער אַ קורצע, וואָרום אין מיטן דרינען האָט זיך דזשים דערמאָנט וועגן זײַן אַלטער פּריצטע און ס׳איז אים פּלוצלונג

באַפאַלן אַזאַ אימה, אַז ער האָט אַרויסגעוואָרפן דעם פּענדזל פון האַנט, האָט ווידער געכאַפּט זיין עמער און איז האַסטיק צוועק צום ברונעם נאָך וואַסער.

טאָם האָט נעבעך קיין ברירה נישט געהאַט און האָט זיך אַליין גענומען צו דער אַרבעט. אגב האָט ער פון דערווייטנס באַמערקט, ווי די מומע פּאָלי גנבעט זיך אונטער שטילערהייט אין אירע ווייכע טופּלעס, כדי צו קלייבן נחת פון איר געהאָרכזאַמען זונעלע, און טאָם האָט טאַקע באַוויזן וואָס ער קאָן: ער האָט געווייסט און געקאַלכט מיט אַ סדר און מיט אַ טאָלק טאַקע ווי אַן אמתער מאָלער. ס'האָט אָבער ביי אים געקלעקט ענערגיע נאָר אויף אַ קליינע ווײַלע. טאָם האָט זיך דערמאָנט, אַז ס'איז היינט אַ יום-טובדיקער טאָג, אַז ער האָט גאָר געהאַט אַנדערע פּלענער וויאַזוי צו פאַרברענגען היינט די צייט, אַז ער האָט נאָך נעכטן אָפּגערעדט מיט חברים צו גיין פריער צום טייך כאַפּן פיש און באָדן זיך און קוליען זיך אין וואַסער. דערנאָך האָט ער געהאַט בדעה מיט אַ גרויסער קאָמפּאַניע צו גיין אין וואַלד און קריכן דאָרט אויף די ביימער זוכן נעסטן פון פייגלעך, און אַז אויסגעלאָזן האָט זיך פון אַלע זיינע פּלענער אַזוי טרויעריק. אַלע יינגלעך לויפן און שטיפן און זיי איז אַלעמען אַזוי פריילעך אויפן האַרצן, און ער דאַרף שטיין מיט אַ פּענדזל און שמירן דעם פּאַרקאַן. נאָר איבערהויפּט האָט אים מצער געווען, וואָס בשעת זיינע חברים וועלן אים קומען רופן שפּילן זיך און וועלן אים טרעפן אין אַזאַ לאַגע, וועלן זיי אויפהויבן אַזאַ געלעכטער, אַז ער וועט דאָס גאָרנישט קאָנען איבערטראָגן.

טאָם האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ווען ער האָט מיט וואָס צו באַצאָלן, וואָלט ער קיין סך נישט געקלערט און אַוועקגעשטעלט אַן אַנדער יינגל אָנשטאָט זיך, און ער אַליין וואָלט זיך דעמאָלט אַרומגעגאַנגען פריי ווי אַ פייגל. קיין מזומן-געלט האָט ער נישט געהאַט, אָבער דערפאַר האָט ער פאַרמאָגט אַ גאַנצן אוצר מיט חפצים אין די קעשענעס, און באַלד טאַקע האָט ער אַלע זיינע קעשענעס אויסגעקערט אויף דער לינקער זייט און ס'איז פון דאָרט אַרויסגעפאַלן: אַ בלוי שטיקל גלאָז פון אַן אַל-

טער פֿאַר שפּאַקולן, אַ נאָז פון אַ צעבראָכענעם טשייניק, אַ בלע-כענער קנעפּל, אַ פּאָר טשוועקעס און נאָך אַ סך אַנטיקן פון דעמזעלבן מין. טאָם האָט אָבער אַליין באַלד באַחשבונט, אַז דאָס איז אַ צו-קליינער אייגנס און אַז עמיצן אַז אונטערקויפן מיט דעם איז גאָר קיין האָפנונג נישטאָ. ער האָט צוריק אַריינגע-שאָטן די חפצים אין די קעשענעס און איז געבליבן שטיין מיט אַ פינגער אין מויל.

דאָ איז אים אָבער פּלוצלונג איינגעפאַלן אַ גאונישער געדאַנק. ער האָט גענומען דעם פּענדזל, איינגעטונקט דעם שפּיץ אין עמער קאַלך און האָט זיך פלייסיק גענומען צו דער אַרבעט, מאַכנדיק דערביי אַזאַ צופרידענעם פּנים, גלייך ווי ער וואָלט טאַקע געווען העכסט גליקלעך מיט דער מלאכה. פון דערווייטנס האָט טאָם אגב דערזען ווי ס'לויפט טאַנצנדיק איינער פון זיינע חברים, בען ראָדזשער—דער גרעסטער שטיפער פון דער גאַנ-צער חברה. פאַר אָט דעם יינגל האָט טאָם מורא געהאַט מער ווי פאַר אַלעמען, ווייל בען ראָדזשער איז געווען אַ גרויסער אָפּלאַכער און אַ געפערלעכער כליפה. טאָם האָט פאַרשטאַנען, אַז בען ראָדזשער וועט באַלד אָנהויבן אָפּלאַכן פון אים וואָס ער שטייט נעבעך אין אַ יום-טובדיקן טאָג ביי אַזאַ שווערער אַר-בעט, און טאָם האָט זיך נאָך מיט מער אימפּעט און התמדה גענומען צום קאַלכן דעם פּאַרקאַן.

ס'האָט אָבער געדויערט אַ היבשע ווײלע איידער בען ראָדזשער איז אָנגעקומען ביזן פּאַרקאַן, מחמת ער איז נישט סתם געלאָפן, נאָר ער האָט דערביי געמאַכט פאַרשידענע קונצן, דער עיקר האָט ער געבלאָזן מיטביידע באַקן, געפייפט מיטן מויל, און-טערגעשפּרונגען אויף איין פוס, ווידער אויסגעדרייט זיך אויף צוריק, נאָך אַמאָל אָנגעבלאָזן די באַקן, ביז טאָם האָט דערהערט אַ פרייליכן געשריי נעבן זיך:

—האַלט! טפּ-רו-רו!!

טאָם האָט זיך אָבער געמאַכט נישט הערנדיק און האָט כסדר געשמירט די וואַנט מיטן פּענדזל מיט אַזאַ פלייסיקייט, פּונקט ווי ער וואָלט דערפון די גרעסטע הנאה געהאַט.

לכתּחילה האָט בען ראָדזשער געקוקט אויפֿן פֿליסיקן בעל־מלאכה אַ ביסל פֿאַרחידושט, נאָר באַלד האָט ער מיט אַ גרויסן געלעכ־טער אַרויסגעשאָסן:

—אַריינגעפֿאַלן, ברודערקע, האַ?

קיין תּשובה איז אָבער אויף דעם נישט געקומען. טאָם האָט זיך גאָר אפֿילו נישט אָפּגעקערט אין זיין זייט. ער האָט איבעראַנייס איינגעטונקט דעם פּענדזל אין וואַפּנע און ווי אַן אמתער קינסט־לער, וואָס קלייבט נחת פֿון יעדן שמיר, וואָס ער מאַכט, האָט ער אפֿילו אויף אַ רגע נישט אַראָפּגענומען די אויגן פֿון פּאַרקאַן.

בען ראָדזשער איז אָבער ביי זיך נישט געפֿאַלן און האָט נאָך אַמאָל מיט אַ שמייכעלע אַ זאָג געטאָן שוין אַ ביסל העכער:

—אַז אַן אַלטע מומע הייסט, מוז מען, משמעות, פֿאָלגן, אַ ברירה האָט מען?!

—אָ, דאָס ביזטו, בען? און איך האָב דיך גאָרנישט באַמערקט!

—דו ווייסט, טאָם, איך מיט נאָך ייִנגלעך קלייבן זיך דאָך באַלד אין אַ וויַיטן וועג אַריין. מיר גייען אַזש הינטערן וואַלד און דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן שווימען און כאַפּן פֿיש און—דו וואָלסט אודאי אויך געוואָלט גיין מיט אונז, אָבער ס'האַלט נישט דערביי, אמת? דו דאַרפֿסט געבעך אַרבעטן...

טאָם האָט זיך פֿאַרחידושט איינגעקוקט אויף זיין חבר און גע־זאָגט:

—ס'ווענדט זיך וואָס איינער רופֿט „אַרבעט"...

—טאָ וואָס־זשע דען טוסטו? דו אַרבעטסט נישט, וואָס?

—ס'קאָן זיין יאָ און ס'קאָן זיין נישט! נאָר זאָגן דאַרף איך דיר, אַז מער ווי פֿאַרגעניגן האָב איך נישט פֿון אָט דער אַרבעט.

—דריי קיין מוח נישט! ווען ווילסטו דאָס איינריידן, אַז דו האָסט טאַקע הנאה פֿון שמירן מיט וואַפּנע איבערן וואַנט?

טאָם האָט געמאַכט אַן ערנסטע מינע און האָט ווידער מעשה

קינסטלער געפירט מיטן פענדזל איבערן פאַרקאַן, דערביי האָט ער גערעדט ווי צו זיך אַליין:

—נישקשה, ס׳מעג געפעלן אַזאַ אַרבעט: נישט אַלע יינגלעך, ערלויבט מען נאָך אַזוי גיך צו ווייסן אַ פאַרקאַן...

קוקנדיק אַזוי אַ היבשע ווײַלע, ווי טאָם איז פאַראינטערעסירט מיט זיין אַרבעט און מיט וואָס פאַר אַ התמדה ער קאַלכט די געמויערטע וואַנט, האָט בען ראָדזשער סוף-כל-סוף אָנגעהויבן צווייפלען: ווער ווייס—אפשר האָט טאַקע טאָם אינדערעמתן אַזאַ משונה הנאה פון דער מלאכה? ער האָט אויפגעהערט קייען דעם גרויסן עפּל, וואָס ער האָט געהאַלטן צווישן די ציינער, און נאָך אַ לאַנגן טראַכטן האָט ער ענדלעך, האַלב-שעמענדיק, זיך צרויסגערעדט:

—הער, טאָם, גיב מיר גאָר אַ ביסל דעם פענדזל: כ׳וועל דיר העלפן. דו וועסט געבן?

טאָם האָט זיך כלומרשט פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט לכתחילה יאָ געוואָלט טאָן דעם חבר די געפעליקייט, אָבער ער האָט באַלד חרטה געקראָגן:

—ניין, בען, דאָס קאָן איך נישט! די מומע פּאָלי האָט ליב, אַז אַזאַ שטיקל אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן ווי ס׳דאַרף צו זיין, פאַרשטייסט? ווען מען וואָלט דעם פאַרקאַן געדאַרפט קאַלכן פון הויף, וואָלט איך נאָך אפשר ריזיקירט און געגעבן דיר פּרובן אַ ווײַלע אַרבעטן. אָבער דו זעסט דאָך אַליין—דער פאַרקאַן גייט אַרויס צום גאַס, און דאָס, ברודערקע, דאַרף מען שוין ווייסן ווי אַ ספּעציאַליסט, פאַרשטייסט? איך מיין, אַז פון טויזנט יינגלעך—וואָס רייד איך—הלוואי פון צוויי טויזנט יינגלעך זאָל זיך געפינען כאָטש איינער, וואָס זאָל דאָס קאָנען מאַכן ווי מען באַדאַרף.

—אַזאַ גרויסע קונץ איז דאָס? אָט גיב מיר כאָטש אַ ביסעלע אַ פּרוב טאָן. איך אויף דיין אָרט וואָלט דיר געוויס געגעבן פּרובן—כ׳קאָן זיך שווערן, טאָם!

—מעגסט מיר גלויבן, בען, אַז איך וואָלט דיר נישט געזשאַלעוועט, אָבער פאַרשטייסט דאָך אַליין: וואָס וועט דערנאָך זאָגן די

מומע פּאָלי... זי איז אַזאַ שטרייַנגע, אַ גרויל, און מיט אַזאַ אַרבעט, בּרודערקע, דאַרף מען זיין פּאָרזיכטיק. אָט האָט דזשים אויך געוואָלט אַ פּרוב טאָן—האָט די מומע נישט געלאָזן. וואָס דאַרפסטו מער, מיין אייגענער בּרודערל סיד האָט זיך געבּעטן כאָטש איין שמיר טאָן מיטן פּענדזל, און ס׳האָט אויך נישט געהאָלפן! דאַרפסט דאָך אַליין פאַרשטיין מיין לאַגע: טאָמער מאַכסטו, חלילה, קאַליע...

—אַי, גיי! זע ס׳אַראַ עקשן דאָס איז! איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל זיין פּאָרזיכטיק—מעגסטו מוך דאָך לאָזן אַ פּרוב טאָן!

—אַז איך קאָן נישט, כ׳האָבּ מורא...

—כ׳וועל דיר דערפאַר געבּן אַ שטיקל עפּל. ווילסטו, טאָם?

—גיבּ, אַ סוף! גאָר ניין, בּעסער נישט—כ׳האָבּ מורא!

—כ׳וועל דיר אַלץ אַוועקגעבּן!

טאָם האָט דערלאַנגט דעם חבר דעם פּענדזל כּלומרשט אָהן חשק, אָבּער אין האַרצן איז ער געווען אַזוי גליקלעך, אַז פון גרויס שמחה האָט ער זיך צוויי מאָל נאָכאַנאַנד איבּערגעקוליעט מיטן קאָפּ אַראָפּ. דערנאָך האָט ער זיך אַנידערגעזעצט ווי אַ פּריץ אויף אַן איבּערגעקערטן פאַס, האָט פריילעך געבּאַראַבּאַנעט מיט בּיידע פיס, האָט מיט אַפּעטיט געקייט דעם חברס עפּל, געקוקט פון דערווייטנס ווי יענער שוויצט נעבּעך פון גרויס האָרעוואַניע און האָט געוואַרט אויף נייע יינגלעך, מיט וועלכע ער זאָל קאָנען אָפּטאָן דעמזעלבּן שפּיצל.

און טאָם האָט זיך טאַקי דערוואַרט אויך. פריער איז געקומען אַ חבר, וואָס מ׳האָט גערופן בּילי פישער, און יענער האָט געהלשט כאָטש איין שמיר טאָן מיטן פּענדזל. טאָם האָט זיך שטאַרק געלאָזן בּעטן, אָבּער צום סוף איז ער מיטן חבר דורכגעקומען—ער האָט בּעקומען פון אים אַ פּאַפּירענע שלאַנג מיט דריי קנעפּלעך. אַ צווייטער חבר האָט טאָמען געגעבּן אַ געפּגרט מייזעלע מיט אַ שטריקל אים אויפצוהייגען, און אַחוץ וואָס טאָם האָט פאַרשפּאָרט אַליין צו האָרעווען אַרום פּאַרקאַן, איז ער בּיז האַלבּן טאָג פון די יינגלשע מתּנות געוואָרן אַ גאַנצער נגיד. אַחוץ דער פּאַפּירענער שלאַנג מיט דעם מייזל האָט זיך

בײ אים אָנגעקליבן: צװעלף בלעכענע קנעפּלעך, דרײ שטיקלעך גלאָז פון אַ בלױער פלאַש, אַ הילצערנע שפּולקע פון פאָדעם, צװײ שטיקלעך שאָלעכץ פון אַן אַפּעלסין, דרײ צעקרימטע טשװעקעס, אַן אָפּגעבראָכענער שפּיץ פון אַ טשײניק, אַ שטיקל קרײד און אַ לעבעדיק קעצל אױף אײן אױג.

קײן חידוש נישט, אַז די שמחה פון טאָמען האָט קײן שיעור און קײן ברעג נישט געהאַט.

## III.

טאָם האָט זיך געשפּירט העכסט גליקלעך. ער האָט זיך גאָר אַליין נישט געגלייבט, אַז אים וועט זיך דער היינטיקער טאָג אַזוי איינגעבן. ערשטנס, האָט ער צופרידנגעשטעלט דער מומע פּאָלי — דער גאַנצער פאַרקאָן איז דאָך אָפּגעקאַלכט געוואָרן! צווייטנס, האָט ער אַליין צו דער אַרבעט כמעט נישט צוגערירט זיך — חברים האָבן פאַר אים געהאָ־ עוועט און האָבן אים נאָך פאַר דער טובה גאַנץ פיין באַצאָלט. דריטנס, און דאָס איז דער עיקר — ער האָט אפילו דעם היינטיקן טאָג נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלאָרן: ס'איז נאָך צו נאַכט גאַנץ ווייט און ער קאָן נאָך היינט אַ סך, אַ סך אויפטאָן.

ער האָט גענומען דעם לאַנגן פענדזל אויף די פּלייצעס און מיט גאווה געגאַנגען אָנזאָגן דער אַלטער מומע די גוטע בשורה, אַז ער האָט מקיים געווען איהר באַפעל ראַיצל און פינקטלעך. די מומע איז דאַן געזעסן מיט אַ לאַנגן זאָק צום שטריקן אויפן באַלקאָן, אונטער דער הייסער זון, און אויפהויבנדיק די שפּאַ־ קולן הויך-הויך אויפן שטערן, איז זי אַלע ווייל אַריינגעפאַלן

אין אַ דרעמל. אויפגעכאַפּט זיך, ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן, דערבײַ האָט זי זיך פיל מאָל דערמאָנט וועגן טאָמען, אַז ער איז זייער אַ צעלאָזן קינד, אַז ס'איז מיט אים שווער אויסצוקו-מען און אַז ער איז שוין איצט געווים ערגעץ-וואו אַנטלאָפן, נישט מאַכנדיק די אַרבעט, וואָס זי האָט אים אַלס שטראָף גע-הייסן טאָן. אין דער רגע אָבער האָט זי דערהערט נעבן זיך טאָמס קול:

—מומע, איצט קאָן איך שוין גיין שפּילן זיך?

די אַלטע האָט זיך אויפגעכאַפּט און שטרענג אַ פרעג געטאָן:

—שוין? אַזוי גיך? און וואָס איז מיטן פּאַרקאַן—שוין היבש פּאַ-נעקאַלכט?

—דעם גאַנצן פּאַרקאַן אָפּגעווייסט, מומעלע!

—זאָלסט מיר נאָר קיין ליגנס נישט זאָגן, הערסט, טאָם? כ'האָב פיינט, אַז מ'זאָגט מיר ליגן, דו הערסט?

—מומעלע, אַז ס'איז אַן אמת! דעם גאַנצן פּאַרקאַן אַרומגעקאַלכט! דער מומע פּאָלי האָט זיך זייער שווער געלאָזט גלויבן אַזאַ מעשה, און ווען זי האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט אַליין צו גיין אַ קוק טאָן אויפן פּאַרקאַן, האָט זי פאַר זיך בעת מעשה געטראַכט, אַז אויב אפילו אין טאָמס רייד איז פאַראַן אַ צוואַנ-ציקסטער טייל אמת, וואָלט זי אויך געווען צופרידן, וואָרום דער עיקר איז דאָך נאָר, אַז דער יינגל זאָל וויסן, אַז די וועלט איז נישט הפקר און אַז מען דאַרף זיין געהאָרכזאַם. ווי פאַר-חידושט איז זי אָבער געוואָרן, בשעת זי האָט באַלד אַליין מיט אירע אייגענע אויגן דערזען דעם אָפּגעווייסטן פּאַרקאַן פון אויבן ביז אַראָפּ, און פון גרויס התפּעלות האָט די מומע פּאָלי אים אַ גלעט געטאָן און געזאָגט:

—פיין, פיין... כ'מוז דיר זאָגן דעם אמת, טאָם, אַז דו ביזט אַ געראָטן קינד, און הלואי וואָלסטו נאָר אַזוי וועלן, ווי דו קענסט אַרבעטן. דער חסרון איז נאָר, וואָס דער חשק צו אַרבעטן איז ביי דיר אַ זעלטענער גאַסט, אָבער אַזוי... נו, גיי, מיין קינד,

שפּילן זיך, גיי, נאָר געדיינק—זאָלסט קומען אַהיים באַצייטנס, הערסט?

די מומע פּאָלי איז געווען אַזוי גערירט פון טאָמס פלייסיקייט ביים קאַלכן דעם פּאַרקאַן, אַז זי האָט אים אַוועקגעפירט צום אַלמער, האָט דאָרט אויסגעקליבן און אים דערלאַנגט דעם שענסטן עפּל און האָט אים דערביי געגעבן צו פאַרשטיין, ווי געשמאַק ס'דאַרף זיין דער טעם פון אַ מתנה, וואָס מ'פאַרדינט כשר פאַר פלייסיקע אַרבעט. נאָר בשעת די מומע פּאָלי האָט געהאַלטן אין ריידן און געבן אים צו פאַרשטיין, האָט טאָם דערווייל שטילערהייט אַרויסגעגנבעט פון אַלמער אַ זיסן לעקעכל, און איז פריילעך אַנטלאָפן שפּילן זיך.

לויפנדיק איבערן הויף, האָט טאָם דערווייל דערזען דאָרטן ביים ברונעם זיין יונגערן ברודער סידן. טאָם האָט זיך דערמאָנט, אַז סיד האָט זיך עפּעס אַמאָל קעגן אים פאַרזינדיקט, און נישט טראַכטנדיק קיין סך, האָט ער אים באַלד צוגעשטיקט צום ברונעם און אַריינגעשאָטן אין אים אַ שיין ביסל קלעפּ. סיד האָט געמאַכט גוואַלדן, ס'איז געוואָרן אַ טומל און ס'איז אַרויסגעלאָפן אויף די קולות די מומע פּאָלי. אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט: טאָם האָט זיך אַריבערגעקייקלט איבערן פּאַרקאַן און כהרף עין איז שוין פון אים אפילו קיין סימן נישט געווען.

די ערשטע זאַך איז ער אַוועקגעלאָפען אויפן גרויסן מאַרקפּלאַץ, וואו אַ גאַנצע חברה יינגלעך האָבן שוין אויף אים געוואַרט, וואָרום נאָך אינדערפרי האָט שוין טאָם מיט זיי אָפּגערעדט, אַז מ'וועט היינט שפּילן אין סאָלדאַטן. פאַרשטייט זיך, אַז טאָם איז נישט געווען קיין פּראָסטער סאָלדאַט—אים האָט מען געמאַכט פאַר אַ גענעראַל, וואָס האָט קאָמאַנדעוועט מיט אַ גאַנצער מחנה און האָט געפירט אַ מלחמה מיט אַ צווייטער מחנה יינגלעך-סאָלדאַטן אונטער דער קאָמאַנדע פון טאָמס אַ גוטן חבר מיטן נאָמען דזשאָ האַרפּער. לאַנג האָט געדויערט דער קאַמף און דער מזל האָט זיך אָפּט געביטן דאָ פאַר דעם צד און דאָ פאַר יענעם צד. ענדלעך אָבער האָט דער גענעראַל טאָם מנצח געווען דעם גענעראַל דזשאָ. ביידע מחנות האָבן צום סוף געשלאָסן

שלום, מ'האָט זיך אומגעביטן מיט די געפאַנגענע, און נאָכדעם ווי מען האָט פריילעך אָפּגעשפּילט דעם צערעמאָניאַלן מאַרש, זענען זיך די ייִנגלעך־סאָלדאַטן צעלאָפן אין אַלע זייטן, און מחמת טאָמען האָט זיך דעמאָלט פאַרוואָלט עסן, האָט ער זיך געלאָזן האַסטיק לויפן אַהיים.

אָבער לויפנדיק פאַרביי אַ הויז מיט אַ גאָרטן, האָט טאָם באַמערקט צווישן די ביימער אַן אומבאַקאַנט מיידעלע מיט בלאָנדע לאַנגע צעפּעלעך, מיט לויפנדיקע בלויע אייגעלעך, און אַ פּאַר־טוכל האָט זי געטראָגן אַ ווייסינקעס מיט געהאָפטע רויטע בלימעלעך. דאָס מיידעלע איז טאָמען תיכף אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט זיך פון אָרט נישט געקאָנט רירן, און ער האָט זיך אַריינגעשטופּט מיטן נאָז אין שטערן פאַרקאַן פון גאָרטן.

אמת, טאָם האָט ביז דער לעצטער מינוט דורכאויס געמיינט, אַז ער איז גאָר פאַרליבט אין אַ צווייט מיידעלע, וועלכע לערנט זיך מיט אים אין שול און וועלכע מען רופט עמי. אפשר צען וואָכן נאָכאַנאַנד האָט ער כסדר געטראַכט וועגן אָט דערדאָזי־קער עמי, וועלכע פלעגט אים אפילו ביינאַכט קומען אָפט צו חלום, און ווי גרויס האָט זיך דאָס געהאַלטן טאָם, בשעת עמי פלעגט אַרויסגיין פון שול גלייך מיט אים—צו זיין שמחה איז גאָר קיין סוף נישט געווען. און מיט אַמאָל—ווי ס'וואָלט גאָר קיין עמי אויף דער וועלט נישט געווען, און כדי געפעלן צו ווערן דעם נייעם אומבאַקאַנטן מיידעלע, האָט זיך טאָם אָנגעהויבן קוליען ביים סאַמע פאַרקאַן און מאַכן אַלערליי קונצן. לכתחילה האָט דאָס מיידעלע מיט די בלויע אויגן און בלאָנדע האָר געקוקט מיט גרויס אינטערעס און נייגיריקייט אויף טאָמס קונצן. אַזוי אבער ווי דאָס האָט געדויערט זייער לאַנג און טאָם האָט אַלץ נישט אויפגעהערט וואַרפן זיך, שליידערן זיך און באַווייזן קונצן—האָט דאס מיידל אָנגעהויבן פּאַמעלעך רוקן זיך צום גאַניק פון זייער שטוב. דאַן האָט זיך טאָם אַריבערגעבויגן מיט אַ האַלבן קערפּער איבערן פאַרקאַן און האָט נאָך מיט אַ גרעסערער התמדה גענומען באַווייזן וואָס ער קען. ער האָט געפייפט מיט די פינגער ווי אַ לאָקאָמאָטיוו, ער האָט געברומט ווי

א לייב, ער האט געקרייט ווי א האן—אלץ האט ער אפגעטאן, ביז דאס מיידעלע האט אים ענדלעך א ווארף געטאן א רויטינקן בלימעלע און איז פארשוואונדן געווארן. א היבשע צייט איז נאך טאם אלץ געהאנגען אויפן פארקאן מיט דער האפנונג, אז דאס מיידעלע וועט זיך נאך מסתמא באווייזן, און ווען ס'איז שוין געווארן פארנאכטלעך, איז ער אן חשק אוועק אהיים מיט א פולן קאפ זיסע חלומות און העלדישע פלענער.

אין שטוב, ביי דער וועטשערע, האט זיך טאם אין דער ערשטער ווײלע געפירט זייער ארטיק און די מומע פאלי האט בעת-מעשה מיט הנאה געטראכט: „א גאנץ וואוילער יינגל געווארן טאם.״ באלד אבער האט זיך טאמען פארגלוסט ארויסצוציען א שטיקל צוקער פון דער פארמאכטער פושקע, און אז ער האט דערפאר באקומען פון דער מומע פאלי איבער די הענט, האט ער נאך געהאט א טענה:

—מומע, אבער פארוואס שלאגט איר קיינמאל נישט אט דעם קליינעם—סידן מיין איך דאס. אים שלאגט איר קיינמאל נישט!

די מומע פאלי האט אויף אים ביז א קוק געטאן און געזאגט:

—סיד פייניקט דאך נישט קיין מענטשן אזוי ווי דו! ווען איך גיב נישט אכטונג, וואלסטו דאך דעם גאנצן מעת-לעת נישט ארויסגענומען די הענט פון דער צוקער-פושקע!

ווען די מומע איז באלד ארויס אויף א ווײלע פון צימער, האט זיך דעם קליינעם סיד פארוואלט א ביסל רייצן מיט טאמען, כדי צו באווייזן אים, אז ער, סיד, מעג אלץ און אז אים וועט די מומע גארניט טאן. ער האט, אויף צו להכעיס טאמען, באלד אריינגערוקט אלע פינגער אין דער גלעזערנער צוקער-פושקע, וועלכע האט זיך אבער אויף טאמס מזל ארויסגעגליטשט ביי זיין ברודערל פון די הענט, אראפגעפאלן אויף דער פאדלאגע און צעבראכן געווארן אויף פיץ-פיצלעך.

טאם איז געוועזן מלא שמחה פון דער מעשה, און צו זיין גליק איז בעת-מעשה קיין שיעור און קיין ברעג נישט געוועזן. זיין ברודערל האט ער אפילו גארנישט געזאגט—ער האט זיך מיט א

כּיון אײנגעהאַלטן פון צו ריידן, כּדי סידס מפּלה זאָל אויסקומען וואָס גרעסער. אין האַרצן אָבער האָט ער זיך געפרײט, ווי ער וואָלט געפינען די גרעסטע מציאה און אין דער פאַנטאַזיע האָט ער זיך שוין פאָרגעשטעלט, ווי ס׳קומט באַלד אַרײן די מומע, ווי זי דערזעט די צעבראָכענע צוקער־פּושקע, ווי סיד ווערט גרין און בלוי און ווי די מומע דערלאַנגט דאָס אים די פײער־דיקע פּעטש...

נאָר עפּעס האָט זיך טאָם גאָר אַליין נישט אַרומגעזען, ווי די מומע האָט זיך אומבאַמערקט אַרײנגערוקט אין צימער, און אײ־דער ער האָט נאָך באַוויזן אײנצומסרן אויף סידן, האָט שוין די מומע דערזען דעם אומגליק מיט דער צוקער־פּושקע, און גאָר אָן שום טענות האָט זי גענומען שיטן פּעטש דוקא אין טאָמס באַקן. טאָם איז אַזוי איבערראַשט געוואָרן פון די אומגעריכטע קלעפּ, אַז ער האָט לכתחילה גאָרנישט געוואוסט וואָס ער האָט צו טאָן און וואָס צו זאָגן. באַלד אָבער איז ער געקומען צו זיך און האָט אויסגעשריען:

—מומע! וואָס טוט איר? פאַרוואָס שלאָגט איר מיך—דאָס האָט דאָך סיד צעבראָכן!!!

די מומע פאַלי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז היינטיקס מאָל האָט זי טאָמען אומזיסט באַשטראָפט. אָבער זאָגן דאָס אָפן לוינט נישט, ווייל טאָם וועט דאָס קאָנען אויסנוצן, אַז די מומע איז אַליין מודה, אַז זי איז אומגערעכט, און די דיסציפּלין פון קינדער־דערציונג דערלאָזט אַזוינע זאַכן בשום אופן נישט. האָט זי טאָקע אָנשטאָט חרטה גאָר אַרויסגעשטאַמלט:

—נישקשה, נישקשה... קיין פאַרפאַלענער קלאַפּ איז אין דיר נישטאָ. איך בין זיכער, אַז דו האָסט דאָ מסתּמא אויך עפּעס געטאָן וואָס מ׳דאַרף נישט און וואָס מ׳טאָר נישט.

אויף אַזאַ ביטערן סוף האָט זיך טאָם גאָרנישט געריכט. אים האָט נישט אַזוי פאַרדראָסן די פּעטש, וואָס ער האָט געקראָגן, ווי דאָס, וואָס ער האָט געליטן פאַר אַ פרעמדער עבירה, און ער האָט זיך דערפון אַזוי שטאַרק גענומען צום האַרצן, אַז ער איז בעת־מעשה גרייט געווען ווער ווייס וואָס אָפּצוטאָן. טאָם האָט

זיך פאַרשטופּט אין אַ ווינקל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט אַ פינגער אין מויל און איז געבליבן זיצן אין אַ פּאָזע פון אַן אומשולדיק געליטענעם, וואָס וועט קיינמאָל-קיינמאָל די עולה נישט מוחל-זיין, דערביי האָט ער כסדר געטראַכט: „אודאי האָט די מומע פּאָלי חרטה, וואָס זי האָט אָנגעטאָן סידן געשלאָגן מיך. אָבער איך וועל מיט דער מומען אַזוי גיך נישט שלום מאַכן — זאָל זי וויסן!"

דאָס אַליין אָבער איז נאָך אַ צו קליינע שטראָף פאַר דער מומע פּאָלי, און טאָם האָט זיך אין דער פאַנטאַזיע פאָרגעשטעלט, ווי ער ווערט מיטאַמאָל פון דער מומעס פּעטש געפערלעך קראַנק, ווי ער ליגט אין בעט ממש אַ גוססער — אָט-אָט שטאַרבט ער אַוועק, ווי די מומע בויגט זיך איין איבער זיין געלעגער און בעט ביי אים מיט טרערן אין די אויגן ער זאָל איר מוחל זיין, און ער, טאָם, קערט זיך אָפּ פון איר מיטן פנים צו דער וואַנט און שטאַרבט אַוועק, נישט זאָגנדיק איר פאַרן טויט אפילו איין גוט וואָרט. ס'איז אים אויך איינגעפאַלן, אַז מאָרגן וועט ער אַוועקגיין צום טייך באָדן זיך, ער וועט זיך דאָרטן מיט אַ כיון דערטרינקען, פרעמדע מענטשן וועלן אַרויסציען זיין טויטן קערפּער פון וואַסער, ס'וועט קומען צו לויפן מיט פאַרבראָכענע הענט די מומע פּאָלי, זי וועט פאַלן אויף זיין טויטן גוף, זי וועט וויינען און קלאָגן און תפילה טאָן צו גאָט, ער זאָל איר מוחל זיין און צוריק לעבעדיק מאַכן איר איינציקן טייערן יינגל. ס'וועט אָבער נישט העלפן: ער בלייבט ליגן אַ קאַלטער אָן אַ סימן פון לעבן — נישטאָ מער קיין טאָם!

פון אַזעלכע מחשבות האָט זיך טאָם אַזוי שטאַרק צערודערט, אַז אים האָבן בעת-מעשה אויף אַן אמת אָנגעהויבן ווייטאָן אַלע אברים, פון די אויגן האָבן זיך אים געקייקלט טרערן ווי באָב און אין האַלז איז אים געוואָרן אַזוי טרוקן, אַז ער האָט מיט דער צונג נישט געקאָנט אַ קער טאָן. אויפגעכאַפּט זיך פון זיינע טרויעריקע פאַנטאַזיעס האָט זיך טאָם ערשט דאַן, ווען אין שטוב איז פּלוצלונג אַריינגעלאָפן אַ פריילעכע און אַ זינגענדיקע זיין קוזינע מערי, וועלכע איז געווען אָפּגעפאָרן אויף אַ גאַנצע

וואָך צייט. טאָם האָט אָבער גישט געקאָנט אין יענעם אָהנט פאַרטראָגן קיין פרייליעכקייט. ער האָט זיך באַלד אויפגעהויבן פון אָרט און, אַן אומעטיקער, מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ, איז ער אוועק אין שלאָפצימער.

סיד איז שוין דאָן געלעגן אין בעט. ער האָט נאָך אפילו נישט געשלאָפן, אָבער ריידן מיט טאָמען האָט ער מורא געהאַט, און האָט נאָר געקוקט מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן, ווי טאָם האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט שלאָפן.

## IV.

ס'איז געווען אַ טאָג פון מאָנטאָג, און אַז טאָם האָט זיך איינדערפרי אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער זיך געשפּירט אַזוי אומגליקלעך, אַז אים האָט זיך גאָר אפילו די אויגן נישט געוואָלט עפענען. מאָנטאָג הויבט זיך אָן די וואָך, מען דאַרף גיין אין שול, מען מוז חזרן די לעקציעס, מען דאַרף זיין אַרטיק אין קלאַס — אַ קנאַפּער תענוג, און ליגנדיק אין בעט האָט ער אַליין געקלערט, וואָס ער זאָל אַזוינס צוטראַכטן, כדי ער זאָל כאָטש אויף עטלעכע וואָכן פטור ווערן פון גיין אין שול. פּלוצלונג איז אים איינגעפאַלן: „מען דאַרף גאָר ווערן קראַנק!" דערביי האָט ער זיך אַליין פאַרענטפערט: אַ סך יינגלעך פון זיין קלאַס זענען שוין פאַרן יאָר צייט צו עטלעכע מאָל געווען קראַנק און זענען טאַקע וואָכן לאַנג נישט געגאַנגען אין שול.

טאָם האָט זיך אָנגעהויבן אַרומטאַפּן און זוכן עפּעס אַ מחלה ביי זיך, אָבער צום באַדויערן איז ער יענעם פרימאָרגן דווקא געווען געזונט אויף אַלע אברים און ער האָט זיך אויף קיין שום

קראַנקהייט נישט געקאָנט באַקלאָגן. טאַפּנדיק אַזוי אַלע גלידער, האָט זיך אים אויף אַ ווײַלע אויסגעדוכט, אַז ס'האָט אים אַ שטיק געטאָן אין אַ זייט, און מיינענדיק, אַז די שטעכעניש וועט זיך כסדר פאַרגרעסערן, איז ער געוואָרן מלא שמחה. נאָר אומזיסט האָט ער זיך געפרייט — אין זייט האָט אויפגעהערט שטעכן, און ס'איז גאָר קיין האָפענונג נישט געווען, אַז פון דער קראַנקער זייט זאָל ער געהאָלפן ווערן.

טאָם איז אָבער נישט געפאַלן ביי זיך, און טראַכטנדיק אַזוי וועגן פאַרשידענע מחלות, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ביי אים האָט זיך נאָך נעכטן אָנגעהויבן שאָקלען אַן אויבערשטער צאָן. „ס'איז גוט!" האָט ער זיך איבעראַנייס דערפרייט מיט דער מציאה, און האָט שוין געוואָלט אָנהויבן קרעכצן אויפן קול. טאָם האָט זיך אָבער באַצייטנס באַקלערט, אַז דאָס לוינט נישט, מחמת די מומע פאָלי האָט אַ טבע, אַז אַ צאָן, וואָס האַלט זיך שוואַך אין מויל, נעמט זי און רייסט אים אַליין אַרויס מיט אַ שטריקל, און אַזאַ אָפּעראַציע טוט ווייִ, אַ גרוילן! דערפאַר טאַקע האָט טאָם ביי זיך באַשלאָסן, אַז וועגן צאָן וועט ער דערווייל שווייגן — טיידן אַז ער וועט שוין קיין אַנדער ברירה נישט האָבן, און דערווייל האָט ער זיך דערמאָנט וועגן אַ ייִנגל, וואָס איז אַמאָל אָפּגעלעגן גאַנצע דריי וואָכן אין בעט צוליב אַ קראַנקן פינגער פון פוס. נישט וואַרטנדיק לאַנג האָט ער אַרויסגעצויגן דעם רעכטן פוס פון אונטער דער קאָלדרע, האָט באַקוקט דעם גראָבן פינגער און טאַקע תיכף אָנגעהויבן צו קרעכצן.

קודם-כל האָט טאָם געוואָלט, אַז פון זיין קרעכצעניש זאָל זיך אויפכאַפּן זיין יונגערער ברודער סיד, וועלכער וועט שוין לויפן אָנזאָגן דער מומען. אָבער ווי אויף צו להכעיס איז סיד געשלאָפן ווי אַ געהרגעטער און האָט זיך אפילו נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט. טאָם האָט געפּרובט קרעכצן נאָך שטאַרקער — אפילו מיט אַ קוויטש און מיט אַ געוויין, אָבער ס'איז קיין פעולה נישט געווען — סיד האָט געכראָפּעט ווי נישט אים מיינט מען דאָס.

דאָס האָט שוין טאָמען אַרויסגעפירט פון געדולד, און ער האָט

דאַן פּשוט אָנגעהויבן אונטערקלאַפּן דעם שלאָפעדיקן ברודערל אין זייט און וועקן אים מיט אַ וויינענדיקן קול: „סיד! סיד!" דער ברודערל האָט אַ גענעץ געטאָן און ווידער געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן, אָבער דאָ האָט ער דערהערט נעבן סאַמע זייט אַזאַ קרעכצעניש, אַז ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן נישט טויט — נישט לעבעדיק און האָט אָנגעהויבן רופן:

—טאָם! וואָס איז דיר, טאָם?!

אַחוץ קרעכצן איז אָבער קיין ענטפער נישט געווען, און סיד האָט אים ווידער געפּרובט אייננבעטן, ער זאָל אים ענטפערן.

—טאָם... טאָמעלע, וואָס טוט דיר וויי?

דאָ האָט זיך טאָם אַ ביסל אַ קער געטאָן אויף אַ זייט און אַרויסגעקרעכצט מיט די לעצטע כחות:

—טשעפּע מיך נישט, סיד... לאָז מיך צורו — ס'איז מיר אַזוי שלעכט...

—אָבער וואָס פאָרט טוט דיר וויי, טאָם? כ'וועל לויפן רופן די מומע!

—מ'דאַרף נישט, סיד, מ'דאַרף קיינעם נישט רופן — אפשר וועט באַלד אַזוי איבערגיין.

—וואָס רעדסטו?! אודאי וועל איך לויפן רופן די מומע — דו ביזט דאָך אַזוי קראַנק! קרעכץ נישט אַזוי, טאָמעלע, אָט באַלד... שוין לאַנג ווי דיר טוט אַזוי וויי?

—שוין עטלעכע שעה... כ'האָב זיך אַלץ איינגעהאַלטן פון קרעכצן, אָבער דער ווייטאָג איז אַזוי גרויס... אוי, ווי ס'טוט וויי...

—אָבער פאַרוואָס האָסטו מיך פריער נישט אויפגעוועקט? טאָמעלע, טייערינקער, נישט קרעכץ אַזוי — ס'שניידט מיר איבערן האַרצן פון דיינע קולות. וואו טוט דיר וויי, האַ?

טאָם האָט נאָך שטאַרקער אַ קרעכץ געטאָן און אַרויסגערעדט מיט אַ שוואַכן קול:

—איך בין דיר אַלץ, מוחל, סיד... אַלץ, וואָס דו האָסט קעגן מיר געזינדיקט, בין איך דיר איצטער, פאַרן שטאַרבן, מוחל...

—וואָס רעדסטו, טאָם? דו שטאַרבסט גאָר? טו דאָס נישט, מיין

טייערינקער, מען דאַרף נישט—דו וועסט נאָך זיין געזונט.
—וואָס רעדסטו—האָט טאָם ווידער אַ קרעכץ געטאָן: ס׳איז שלעכט מיט מיר... אָבער איך בין אַלעמען מוחל, אַלעמען... און מיין קעצל אויף איין אויג גיב איך דיר אַוועק—אַלץ, וואָס איך האָב, וועט זיין פאַר דיר...
סיד האָט שוין אָבער מער נישט געהערט, וואָס דער גוססער ברודער רעדט. ער האָט געכאַפּט זיין אויבערשטע מאַרינאַרקע און געלאָזן זיך לויפן מיט קולות אויף די טרעפּ, שרייענדיק:

—מומע פּאָלי! לויפט גיכער, טומע! גיכער, טאָם שטאַרבט!
—ער שטאַרבט?!—האָט די מומע איבערגעפרעגט: ווי קאָן דאָס זיין מיט איין מאָל...
—אַז איך זאָג אייך, ער שטאַרבט! וואָס וואַרט איר, מומע? לויפט וואָס גיכער צו טאָמען!
—כ׳גלויב נישט!—האָט די מומע פּאָלי געזעדט ווי צו זיך אַליין, נאָר דערביי האָט זי פונדעסטוועגן געוואָרפן אַלע אַרבעטן און געלאָזן זיך לויפן צום קינדערשן שלאָפצימער, וואוהין ס׳זיינען נאָך איר אַריינגעלאָפן טויט-דערשראָקענע סיד און די קוזינע מערי. די מומע פּאָלי האָט זיך געוואָרפן מיט האַסט צום בעט, און גלעטנדיק טאָמען איבערן קאָפּ, האָט זי געפרובט דערגיין ביי אים:
—טאָם, ליבינקער, וואָס איז מיט דיר?
—אוי, מומעלע, ס׳איז מיר...
—וואָס, מיין טייער קינד, וואָס טוט דיר וויי, מיין גאָלד?
—אָך, מומעלע, ס׳איז נישט גוט מיט מיר! אַ העלישער פייער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין מיין גראָבן פינגער פון רעכטן פוס!

—דאָס איז גאָר!?—האָט די מומע פּאָלי פריי אָפּגעצויגן דעם אָטעם:—אָבער האָסטו מיך אָנגעשראָקן, צעלאָזענער יינגעלע!
—אוי... אוי... האָט טאָם נאָך געפרובט קרעכצן און וואַרפן אַן אימה אויף דער אַלטער מומע:—אוי...
די מומע פּאָלי איז אָבער שוין מער נישט נתפּעל געוואָרן פון

זיינע שטיק און האָט אָנגעהויבן ריידן אַ ביסל שטרייַנגער:

—טאָם, געטוג צו מאַכן דיינע קונצן, הערסטו? דער פינגער איז ביי דיר געזונט, און דו וועסט זיך מטריח זיין אויפשטיין פון בעט, דו הערסט?

טאָם האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז די מעשה מיטן קראַנקן פינגער האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, און ער האָט טאַקי תּיכּף אויפגעהערט צו קרעכצן. אָבער אין שול האָט זיך אים היינט פאָרט נישט געוואָלט גיין, און טאָם האָט אַרויסגעשטאַמלט:

—מומע פאָלי...

—וואָס איז?

—פאַרשטייסטו מיך... ס'האָט זיך מיר מיטאַמאָל אָנגעהויבן דוכטן, אַז דער פינגער פון מיין רעכטן פוס שטאַרבט ביסלעכווייז אָפּ און פון גרויס שרעק האָב איך אפילו פאַרגעסן וועגן מיין קראַנקן צאָן...

—וואָס איז שוין ווייטער פאַר אַ נייס ביי דיר מיט אַ קראַנקן צאָן?

—אַן אויבערשטער צאָן... ער שאָקלט זיך שוין ביי מיר לאַנג און ער טוט מיר אַזוי וויי, אַז כ'קאָן גאָרנישט אויסהאַלטן!

—הויבסט שוין ווידער אָן מיט דיינע ליגנס?—האָט זיך די מומע פאָלי צעשריען,—וועסט שוין באַלד מסתמא ווידער וועלן באַווייזן ווי דו קאָנסט קרעכצן, הא? עפן דאָס מויל—כ'וועל אַ קוק טאָן, וואָס איז דאָרטן ביי דיר!

אַ צאָן האָט זיך טאַקי געשאָקלט ביי אים, אָבער די מומע פאָלי האָט צו אַזאַ חולאת געהאַט אַ רפואה, און זי האָט טאַקי באַלד אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

—מערי, ברענג מיר אויף גיך אַ שטריקל מיט אַ העלעוועשקע פייער פון קיך!

טאָם האָט זיך אַזוי דערשראָקן פאַר דער מומעס אָפּעראַציע, אַז ער האָט זיך תּיכּף אויפגעהויבן פון געלעגער און אָנגעהויבן בעטן זיך:

—מומעלע, מ'דאַרף נישט—דער צאָן טוט מיר שוין מער נישט

ווי... און אַז ער וועט מיר נאָך אפילו אַמאָל ווי טאָן, וועל איך שוין אָבער מער נישט קרעכצן... איך בעט דיך, מומעלע, מען דאַרף נישט קיין שטריקל—כ'וועל בעסער באַלד גיין אין שול...

—אַזוי גאָר!—איז שוין די מומע פּאָלי אין כעס געוואָרן: האָסטו טאַקע די גאַנצע געשיכטע אויסגעטראַכט, כדי דו זאָלסט נישט דאַרפן גיין אין שול, האַ? איך האָב דיך אַזוי ליב, איך בין זיך פון דיינטוועגן מוסר נפש און דו זוכסט אַלץ מיט וואָס מיך מצער צו זיין און אָפּצועסן מיר מיין אַלט האַרץ!

דערווייל איז אין שלאָפצימער אַריין מערי מיט די „אינסטרו-מענטן". די מומע פּאָלי האָט קיין סך נישט געטראַכט, האָט איין עק פון שטריקל צוגעבונדן צום צאָן, דעם אַנדערן עק צום פיסל פון בעט, דערנאָך האָט זי גענומען אין האַנט אַריין אַ ברענענדיקע האָלאָוועשקע און אַ שטופּ געטאָן טאָמען גלייך אין די אויגן אַריין... פאַרשטייט זיך, אַז טאָם האָט פון שרעק באַלד אַ ריס געטאָן דעם קאָפּ אויף הינטן, און דיזעלבע רגע איז שוין דער צאָן געלעגן אויף דער ערד נעבן בעטל.

נישטאָ וואָס צו ריידן—נישט קיין גוטן פרימאָרגן האָט טאָם גע-האַט. אַ חוץ די בזיונות, האָט ער נאָך דערצו אַריבערגעטראָגן אַ היבש ביסל יסורים אויך, וואָרום די אָפּעראַציע איבערן צאָן איז גאָרנישט געווען אַזוי לייכט, ווי מען מיינט. אָבער לאָזט זיך אויס, אַז פאַר זיין עגמת נפש איז טאָם באַצאָלט געוואָרן כפל כפלים מיט שמחות און מיט פרייד און טאַקע נאָך אין דעמזעלבן טאָג. געריכט האָט זיך אפילו טאָם נישט אויף אַזאַ גדולה, אָבער אַז ער איז באַלד נאָך דער אָפּעראַציע אַוועק אין שול, האָט ער דאָרטן פון די חברים געהאַט כבוד אָן אַ שיעור. מחמת דורך דעם פוסטן אָרט, וואָס איז געוואָרן ביי אים אין אויבערשטן ראָנד" ציינער, האָט טאָם געקאָנט געבן אַ שפּיי אויף זייער אַ וויטן מהלך, דערביי איז דער שפּיי אַרויסגעקומען ביי אים מיט אַ פייף און מיט אַ קוויטש. ווי נאָר טאָם האָט באַוויזן דעם קונץ מיטן שפּיי, האָבן אים אַלע יינגלעך אַרומגערינגלט און געקוקט אויף אים מיט אַזויפיל קנאה, אַז טאָם האָט שוין

גאָר קיין חרטה נישט געהאַט אויף דער טרויעריקער געשיכטע אין דערהיים—אדרבא, ס'האָט אים הנאה געטאָן, און די גאוה זיינע איז געווען אין לשער!

אָט אַזוי איז טאָם געווען דער העלד פון גאַנצן קלאַס אין פאַר-לויף פון העכער אַ וואָך צייט און אַלץ צוליב דעם קונציקן שפּיי, וועלכן קיין יינגל מיט אַלע צייגער האָט נישט געקאָנט נאָכמאַכן. ענדלעך אָבער האָט טאָם אין עטלעכע טעג אַרום זיך פאַרזינדיקט קעגן לערער פון זיין קלאַס, און אָנשטאָט כבוד, האָט ער געהאַט גרויסע בזיונות—אַלע חברים האָבן פון אים חוזק געמאַכט.

געוועזן איז אַזאַ מעשה. גייענדיק איינמאָל אין שול, האָט טאָם פּלוצלונג אָנבאַגעגנט דעם יינגל העקעלבערי—אַ זון פון דעם גרעסטן שכּור אין שטאָט. דערדאָזיקער יינגל העקעלבערי איז געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס, שטענדיק אַן אָפּגעריסענער, שטענדיק אַ הונגעריקער און אַלעמאָל אַ שמוציקער פון אויבן ביז אַראָפּ. און וואָס איז דער חידוש, אַז קיין היים האָט ער כמעט נישט געהאַט, קיינער האָט אויף אים נישט געקוקט, קיינער האָט וועגן אים נישט געטראַכט, און אפילו נעכטיקן האָט ער נישט געהאַט וואו. פלעגט העקעלבערי אַמאָל איבערשלאָפן די נאַכט ערגיץ אויף אַ גאַניק פון אַ פרעמדער שטוב, אין אַ גאָרטן ביי אַ שכן און אַמאָל, בשעת ס'איז געווען קאַלט, אויפן פרייען ווינט—פלעגט ער זיך מאַכן אַ געלעגער ערגעץ אין אַ פוסטן פעסל, וואָס האָט זיך געוואַלגערט ביי עמיצן אויפן הויף. דער-דאָזיקער העקעלבערי איז אומעטום פול געוועזן, אַלע האָבן אים געקענט און קיין טאַטע אָדער מאַמע האָט נישט געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן זיך מיט אים שפּילן. ערשטנס, איז קיינעם נישט אָנגעשטאַנען דער יחוס—אַן אָרימער אָפּגעריסענער יינגל, וואָס האָט נישט קיין שטוב, וואָס גייט נישט אין קיין שול און רעדט נאָך דערצו אַלע גראָבע רייד, פונקט ווי זיין טאַטע דער שיכּור.

אָבער וואָס מער ס'האָבן אים פיינט געהאַט די טאַטעס און די מאַמעס, האָבן אים אַלץ שטאַרקער האָלט געהאַט די יינגלעך.

אפילו דאָס, וואָס העקעלבערי גייט אָפּגעריסן און שמוציק איז בײַ די ייִנגלעך געווען אַ מעלה, און זיי האָבן אים כּסדר מקנא געווען, וואָס ער, העקעלבערי, דאַרף פֿאַר קיינעם נישט אָפּגעבן קיין חשבון, דאַרף זיך נישט וואַשן אַלע פֿרימאָרגן, דאַרף נישט מאַכן קיין לעקציע און קאָן טאָן וואָס ער וויל און גיין וואוהין דאָס האַרץ גלוסט אים.

נאָר מער פֿון אַלעמען האָט מקנא געווען העקעלבערין—טאָם. העקעלבערי האָט נישט געהאַט קיין מומע פּאָלי, און וואָס דאַרף מען בעסער? ווען ער, טאָם, וויל, למשל, הײַנט נישט אָנטאָן די שיך און בעסער גיין באָרוועס—וועט ער דאָס אויספֿירן, וואָס? באַלד וועט זיך באַווײַזן די מומע פּאָלי, וועט אים אָנהויבן מוסרן, וועט אים נישט זשאַלעווען קיין פּעטש, און ווער וועט אויספֿירן?—אַלץ די מומע פּאָלי! אָבער אָט דער העקעלבערי—וואָס פֿעלט אים?! אַ פֿרייער פֿייגל, וואָס פֿרעגט בײַ קיינעם נישט, וואָס פֿאָלגט קיינעם נישט, און וואָס ער וויל, טוט ער. אגב האָט זיך טאַקע טאָמען אָפּט געוואָלט פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון איבערשלאָפֿן כאָטש איין נאַכט אין אַ פּוסטן פֿאַס ערגעץ אין אַ גאָרטן, אָבער גיי מאַך, אַז די מומע פּאָלי היט אים ווי דאָס אויג אין קאָפּ און בנעכטיקן מוז מען קומען דווקא אַהיים אין שלאָפֿצימער צוזאַמען מיט זײַן ברודערל סיד!

קיין וואונדער נישט, אַז טאָם האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט דורכצושמועסן זיך מיט העקעלבערי, און בשעת ער האָט אים, גייענדיק אינדערפֿרי אין קלאַס, פֿון דערווײַטנס דערזען אין זײַנע צעריסענע מלבושים, האָט זיך טאָם נישט אײַנגעהאַלטן און אַ געשריי געטאָן צו אים:

—אַי, העקעלבערי! קום אַהער!

—קום דו אַהער!

—וואָס מאַכט דאָס אויס, קום דו אַהער!

—אַז דו דאַרפֿט מיך האָבן, טאָ קום טאַקע דו אהער!

—דערווײַל זענען זיי שוין געשטאַנען איינער נעבן אַנדערן, און טאָם האָט אַ פֿרעג געטאָן:

—וואָס האַלסטו דאָס אין האַנט, האַ, העקעלבערי?

—דאַרפסט דאָס טאַקע גויסיק וויסן?
—אויב דו ווילסט נישט זאָגן—דאַרף מען נישט!
—אָבער דיר ווילט זיך וויסן, אמת?
—ס'איז רעכט יאָ און ס'איז רעכט נישט, אַ שפּאַס...
—אַז דו ווילסט נישט, דאַרף מען נישט!
—איך זאָג דאָך דיר, אַז ס'איז רעכט יאָ אויך...
—אָט אַזוי ריידן!
—טאָ וואָס האַלטסטו אין האַנט?
—זעסט דאָך—אַ געפּגרטע קאַץ.
—באַווייז מיר אַ קוק צו טאָן!
—אַבי דו האָסט חשק! מיינסט, אַז דאָס באַקומט מען אומזיסט?
—מער נישט איין קוק טאָן—כ'וועל קוקן פון ווייטן. און וואו האָסטו גענומען די געפּגרטע קאַץ?
—כ'האָב דאָס אָפּגעקויפט ביי אַ יינגל פאַר אַ פענצער פון אַ קעלבל.
—ס'איז ווערט—אַ פענצער איז גאָרנישט מיט גאָרנישט, און אַ געפּגרטע קאַץ...
—אָהאָ, אַ געפּגרטע קאַץ! דאָס איז דאָך אַ רפואה צו אַ סך קראַנקהייטן!
—און אַ צאָן קאָן אויסוואַקסן אין מויל, אַז אַ געפּגרטע קאַץ וויל?
—אַ צאָן ווייס איך נישט... אַ געפּגרטע קאַץ קאָן אַלץ מאַכן, נאָר וועגן אַ צאָן האָב איך נישט געהערט. מסתמא אַ צאָן אויך. אָהאָ, אַ געפּגרטע קאַץ!
—דיר איז גוט, העקעלבערי: דו דאַרפסט נישט גיין אין שול—מאַכן זיך דיר אַלערליי מציאות. איז צו וועלכער קראַנקהייט, זאָגסטו, איז גוט אַ געפּגרטע קאַץ, האַ?
—צו אַ סך חולאתן, נאָר דער עיקר העלפט עס צו בראָדאַווקעס. אַז מען שמירט אויס אַ בראָדאַווקע מיטן עק פון אַ געפּגרטער קאַץ און מ'זאָגט דערביי דעם פּסוק: „דער שדעלע צום מתעלע, דער מתעלע צום קעצעלע, די בראָדאַווקע צום שדעלע!"—ווערט מען תיכף געזונט!

—אזוי וואָלט געוועזן גוט—האָט טאַם אַ ביסל אַ דערשראָקענער אָנגעהויבן שטאַמלען—נאָר...
—ס'געפעלט דיר נישט אַ געפּגרטע קאַץ?
—אדרבה, אָהאָ, אַ געפּגרטע קאַץ! נאָר דער פסוק...
—וואָס האָסטו מורא פאַרן פסוק?
—דאָס איז דאָך כּישוף!
—און אַז כּישוף איז וואָס?
—אָבער ס'איז טאַקע כּישוף, אמת?
—אודאי איז דאָס כּישוף—אַנדערש וויל די בראָדאַווקע נישט אַרויסגיין, פאַרשטייסט?
—נו, און פון כּישוף קאָן מען נישט שטאַרבן?
—וואָס עפּיס שטאַרבן? מען דאַרף נאָר קאָנען גוט זאָגן דעם פסוק... מיט פאַרמאַכטע אויגן דאַרף מען דאָס זאָגן און דע-מאָלט וועט קיין זאַך נישט שאַדן!
—העקעלבערי, אפשר וואָלסטו פאַר מיר אויך געקראָגן ערגעץ אַ געפּגרטע קאַץ, האַ?
—קויף אָפּ מיינע!
—וואָס ווילסטו פאַר איר?
—וואָס וועסטו געבן?
—איך האָב אַ בלויע שפּאַקטיוו און אַ צאָן—ווילסטו?
—אַן אמתער צאָן?
—אודאי אַן אמתער! פון מיין אייגענעם מויל—דו זעסט דעם לאָך אין מיין אויבערשטן ראָנד ציינער?
העקעלבערי האָט גוט באַטראַכט די שפּאַקטיוו מיטן צאָן, האָט עטלעכע מאָל אַריינגעקוקט טאָמען אין מויל אַריין און דאָס געשעפט איז געמאַכט געוואָרן. טאָם האָט זיך פון גרויס שמחה מיט זיין בייט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ער האָט זיך פאַר-רעדט מיטן חבר העקעלבערי אַ גאַנצע שעה צייט, און מיט דער קאַץ אונטערן אָרעם איז ער זיך רואיק אַוועק אין שול. אין פאָדערצימער האָט טאָם אויסגעטאָן דעם אויבער-בגד, האָט דאָרטן אין די זאַכן באַהאַלטן זיין טייערן אוצר, און אין קלאַס האָט ער זיך אַריינגעגנבעט שטיל-שטיל, ווי אַשאָטן.

אַלע, סיי די לערער און סיי אַלע שילער, האָבן געוואוסט, אַז טאָם איז נישט פון די גרויסע מתמידים און אַז פֿאַרשפּעטיקן אויף די לעקציעס איז בײַ אים נישט פון די גרויסע זאַכֿן. אָבער, ערשטנס, האָט ער דאָס מאָל פֿאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע אָנדערטהאַלבן שעה און, צווייטנס, האָט גראָד דער לערער באַמערקט ווי ער האָט זיך שטילערהייט אַרײַנגערוקט אין קלאַס, און דאָס האָט דעם לערער שטאַרק פֿאַרדראָסן.

—טאָם, אַהער קום!—האָט אים דער לערער אַ רוף געטאָן צו זיך:—זאָג מיר אָקאָרשט, וואו ביזטו דאָס געוועזן אַזוי שפּעט, האַ?

טאָם האָט אודאי געקאָנט אויסטראַכטן עפּיס אַ ליגן, אַז ער איז געוועזן קראַנק אָדער אַן אַנדער סיבה, און דאַן וואָלט ער באַקומען גאָר-גאָר אַ קליינע שטראָף. אָבער ווי אויף צו להכעיס האָט ער זיך בעת-מעשה שטאַרק פֿאַרלאָרן, און נישט טראַכטנדיק לאַנג, האָט ער געענטפֿערט קורץ און שאַרף:

—כֿ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אַ ביסל ריידן מיט העקלבערין.

—דער לערער האָט זײַנע אייגענע אויערן נישט געגלויבט: ווי קאָן דאָס זײַן, אַז אַ תּלמיד זאָל זיך דערלויבן אַזוי צו ענטפֿערן! און ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעפֿרעגט:

—ווי זאָגסטו? וואָס האָסטו געטאָן?

—כֿ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אַ ביסל שמועסן מיט העקלבערין.

אַלע שילער פֿון קלאַס האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט אויפֿן קול, און דערווײַל האָט דער לערער געהייסן דעם דינער אַרײַנטראָגן ריטער, און ער אַליין האָט טאָמען געגעבן פֿינפֿאונצוואַנציק שמיץ. נאָכן שמייסן האָט זיך טאָם מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ געפּרובט זעצן אויף איינעם פֿון די פֿאָדערשטע בײַנק. אָבער דער לערער האָט מיט פֿינגער אים אָנגעוויזן אַן אָרט אַזש פֿון הינטן, זאָגנדיק דערבײַ:

—גיי אַהין!—הײַנט וועסטו דערפֿאַר זיצן צווישן די מיידלעך!

## V.

טאָם האָט זיך בשום אופן נישט געריכט, אַז פאַר אַזאַ קליינ־קייט—פאַר אָפּשטעלן זיך אויף איין שעה צייט ריידן מיט העקעלבערין—זאָל ער אַזוי אומרחמנותדיק באַשטראָפט ווערן! די שמיץ איז גאָרנישט—„ס׳האָט מיר גאָרנישט וויי געטאָן״—האָט ער זיך דעמזעלבן טאָג נאָך באַרימט פאַר באַקאַנטע יינגלעך, וועלכע האָבן פון דער מעשה שטאַרק הנאה געהאַט און זיינען געוועזן בעלנים זיך צו רייצן אַ ביסל מיט טאָמען. פאַרדראָסן האָט אים מער פון אַלץ, וואָס מ׳האָט אים אָנגעטאָן בזיונות פאַר אַלעמען אין די אויגן, מחמת אַלע חברים פון קלאַס האָבן אים דורכגעלאָזן צום הינטערשטן ריי, וואו ס׳זיצן די מיידלעך, מיט אַזאַ געלעכטער, אַז ער האָט זיך אפשר אַ שעה צייט געשעמט אויפצוהויבן די אויגן.

אָבער טאָם איז געוועזן פון די יינגלעך, וואָס ווערן אין ערגעץ נישט פאַרפאַלן, און צווישן די מיידלעך־תּלמידות האָט ער זיך אויך באַלד אָנגעהויבן צו שפּירן גאָר נישקשה, כמעט אַז ער וואָלט שוין גאָר קיין בעסערן אָרט נישט געוואָלט.

דאָס מיידעלע, נעבן וועלכער טאָם האָט זיך אַנידערגעזעצט, האָט זיך לכתחילה באַלד אָפּגערוקט פון אים און אפילו אָפּגעקערט דעם קאָפּ — זי האָט גאָר אין זיין זייט נישט געוואָלט קוקן. אָבער טאָם איז ביי זיך נישט אַראָפּגעפאַלן. ער האָט זיך נאָר עטוואָס באַרואיקט און די לעקציעס האָבן אָנגעהויבן גיין אין קלאַס מיטן געוויינלעכן סדר, האָט ער באַלד אָנגעהויבן וואַרפן אויגן אויף זיין שכנטע, און כדי זי זאָל כאָטש אויף אים איינמאָל אַ קוק טאָן, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן פאַרשידענע תנועות און העוויות. אַ היבשע ווײַלע האָט זיך דאָס מיידעלע געמאַכט נישט זעענדיק, ביז זי האָט זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט בגנבה אַ ביסל אָפּגעקערט דעם קאָפּ אין דער זייט פון איר נייעם שכן. טאָם האָט זיך באַנוצט מיט דערדאָזיקער איינציקער רגע און האָט אַ קייקל געטאָן צו איר אַ רויטן קאַרש. דאָס מיידל האָט אָבער אפילו קוקן נישט געוואָלט אין זיין זייט און האָט מיט פאַראַכטונג אָפּגעשטויסן פון זיך די מתנה. נאָר טאָם איז ווייניק-וואָס נתפעל געוואָרן און האָט פאָרזיכטיק ווידער צוגערוקט דעם קאַרש כמעט אונטער דעם מיידלס נאָז. זי האָט זיך נאָך לאַנג געעקשנט און נישט געוואָלט ווערן מיט אים חבר, ביז טאָם האָט מיט אַ בלייער עפּיס אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, האָט דאָס צוגעדעקט מיט דער רעכטער האַנט און שטילערהייט אַריינגעסודעט איר אין אויער: „טרעפט, וואָס כ'האָב אָנגעשריבן!"

דאָס מיידעלע איז באַלד געוואָרן אַן אַנדערע, און איר נייגיריקייט האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז זי האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו טאָמען און געבעטן — אויך אין דער שטיל: „באַווייזט, כ'וועל איבערלייענען, מער נישט ווי איבערלייענען."

טאָם האָט אָבער אויסגענומען אַ תנאי, אַז אויב זי וויל זען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אויפן פּאַפּיר — דאַרף זי פריער אויפעסן דעם קאַרש, דערביי האָט ער זיך געשוואָרן אויף זיין חלק עולם-הבא, אַז דער קאַרש איז אַ ריינער, אַז ער האָט אים נאָך

אפילו איינמאָל אין מויל נישט געהאַלטן און אַז אַזעלכע קאַרשן דאַרפן עסן נאָר שיינע מיידעלעך.

—אַז איך וויל גאָרנישט לייענען אייער שטיקל פּאַפּיר,—האָט דאָס מיידל אַ באַליידיקטע ווידער אָפּגעשטופּט דעם קאַרש און נאָכאַ-מאָל אויסגעדרייט זיך צו טאָמען מיטן פּלייצע,—אַ דאגה דאָס איז מיר, וואָס איר שרייבט דאָרטן...

טאָם האָט אָן ווערטער צוגענומען דעם קאַרש און האָט אויסגע-פּרובט אַן אַנדער מיידל. ער האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ לעבעדיקע פליג, האָט אין איר אַריינגעשטעקט אַ לאַנגן שטרוי-עלע און האָט דאָס פאַמעלעך אַוועקגעלאָזן קריכן אויפן שול-באַנק, דערביי האָט ער דאָס פליגעלע פאַרשטעלט מיט איין האַנט, כדי דאָס מיידעלע זאָל באַקומען מער חשק אָנצוקוקן דעם נאָקוס. און, ווירקלעך, איז טאָמס קליינע שכנטע באַלד געוואָרן זייער נייגיריק, און אויפהויבנדיק זיך אויף די שפּיצן פון אירע קליינע פיסעלעך, האָט זי אָנגעהויבן נאָכיאָגן דאָס חיהלע מיטן לאַנגן שטרויעלע אין עק. אמת, זי האָט נאָך אַלץ געקוקט מיט אַ זייט אויף איר געשמיסענעם חבר און זי האָט זיך נישט גע-וואָלט אַריינלאָזן מיט אים אין ווייטע דרכים. אָבער ווען טאָם האָט געפּרובט אינגאַנצן פאַרשטעלן פון איר די קונציקע פליג, האָט זי שוין מער נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און האָט אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ בקשה:

—מער נישט איין קוק טאָן.

—אָבער געדיינקט זשע: נאָר איין קוק!

—זאָל איך אַזוי לעבן ווי איין קוק!

—איר זאָלט דאָס אָבער נישט אָנרירן מיט די הענט!

—גאָר! ווי אַזוי וועל איך דאָס אָנרירן?!

—גוט!—האָט טאָם ענדלעך מסכים געווען: אַן אַנדערן וואָלט איך דאָס נישט געטאָן, נאָר ווייל אייך... קוקט זיך איין, אָבער אויף גיך!

דאָס מיידעלע האָט גאָר די אויגן נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דער פליג מיטן שטרוי, און ווען טאָם האָט באַלד ווידער פאַר-מאַכט מיט ביידע הענט דאָס קריכנדיקע חיהלע מיטן לאַנגן עק,

האָט זי אים נייגיריק אַריינגעקוקט אין די אויגן און שעמעוודיק געפרעגט:

—און וואו איז דאָס פּאַפּירעלע?

—וועלכע פּאַפּירעלע?—האָט זיך טאָם געמאַכט נישט פאַרשטייענדיק.

—אָט, דאָס פריערדיקע...

—כ׳געדיינק נישט. כ׳האָב שוין פאַרגעסן.

—וואָס איר האָט דאָ נישט לאַנג אָנגעשריבן.

—אַהאַ...—האָט טאָם אַרויסגעצויגן פון קעשענע אַ גלאַט שטיקל פּאַפּיר.—אָט דאָס מיינט איר?

—דאָ איז דאָך גאָרנישט אָנגעשריבן!

—כ׳געדיינק אויף אויסנווייניק—כ׳קאָן אָנשרייבן נאָך אַמאָל!

—שרייבט, אַז איר ווילט!

—און איר ווילט?

—מיר איז אַלצאיינס!

—אַז איר ווילט נישט—דאַרף מען נישט!

דערווייל האָט דער לערער פון דערווייטנס דערזען, ווי טאָם שפּילט זיך דאָרטן מיט די הענט און אַז ער הערט זיך גאָר נישט צו צו די לעקציעס. דער לערער האָט אויף אים אָנגעשריען און טאָם האָט זיך אויסגעצויגן מיט אראָפּגעלאָזטע הענט ווי אַ סטרונע. דאָ איז אָבער די פליג מיטן לאַנגן שטרוי אַוועקגעקראָכן ווייט-ווייט איבערן באַנק; צווישן די תּלמידים און תּלמידות איז פּלוצלונג געוואָרן אַזאַ שמחה, אַז דער גאַנצער קלאַס האָט געזשומעט ווי אַ בינשטאָק, און באַלד האָט זיך דערגאַנגען דער גאַנצער אמת, אַז דעם קונץ האָט געמאַכט נישט קיין אַנדערער ווי טאָם. ער האָט ווידער בעקומען שמיץ פון לערער, די חברים האָבן זיך נאָכאַמאָל שטאַרק פריילעך געמאַכט איבער אים, און טאָם איז ווייטער געבליבן זיצן צווישן דיזעלבע קליינע מיידעלעך. אָבער גאָר די ערשטע ווײַלע איז טאָם געוועזן געפּאַלן ביי זיך, דערביי האָט ער כּסדר געטראַכט, אַז אין קלאַס האָט מען אייגנטלעך גאָרנישט געדאַרפט לערנען: אַזויפיל יינגלעך מיט מיידלעך אונטער איין דאַך האָבן שוין

געקאָנט געפינען וואָס צו טאָן אָן למודים אויך. אגב איז די וועלט אַזוי נישט גוט איינגעאָרדנט, אַז ס'איז ממש נישטאָ וואו אַהינצוטאָן זיך און מען קאָן קיין איינציקן שריט נישט מאַכן אָן אַ השגחה אָדער פון אַ מומע פּאָלי, וואָס מישט זיך אַריין אין אַלע זיינע געשעפטן, אָדער פון אַ לערער, וועלכער זאָגט אים גאָר אַ דעה ווען צו קומען אין קלאַס, ווי צו פירן זיך דאָרטן, וואָס מען מעג יאָ און וואָס מ'מעג נישט—אַלץ אויפן זינדיקן מענטשן!

גאָר אַזאַ טבע האָט שוין טאָם געהאַט: אין דער גרעסטער צרה האָט ער זיך אַלעמאָל פונדעסטוועגן געקאָנט געפינען אַ טרייסט, און זייענדיק פאַרזונקען אין זיינע טרויעריקע מחשבות, האָט ער פונדעסטוועגן נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט היינט געמאַכט אַ גוטן בייט, אַז פאַר עטלעכע קנעפּלעך מיט אַ שטיקל גלאָז, מיט נאָך אַזעלכע קליינקייטן האָט ער באַקומען נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ געפגרטע קאַץ—אַן אַנטיקל, וואָס קיינער פון גאַנצן קלאַס פאַרמאָגט דאָס געוויס נישט, און אַז סוף-כל-סוף האָט ער זיך מיט וואָס צו באַווייזן, נישט קיין אַנדער ייִנגל! איין חסרון נאָר, וואָס זיין געפגרטע קאַץ האָט ער געלאָזן ליגן אין אַ קעשענע פון זיין אויבערשטן מאַנטעלע אין פאָדערצימער און ער קאָן דאָס ביז דער ערשטער הפסקה נישט באַקומען. אודאי איז דאָס אַ פאַרדראָסיקע זאַך, אָבער די חברים וועלן אים גלויבן, און ער האָט אָנגעהויבן אַריינסודען זיינע שכנים-תלמידים און תלמידות, אַז ער האָט אַזאַ זאַך, וואָס קיינער אין דער גאַנצער שטאָט פאַרמאָגט דאָס נישט און אַז דער, וואָס וועט לעבן מיט אים גוט, וועט ער יענעם אפשר שפּעטער באַווייזן.

—וואָס האָסטו?—האָבן אים די תלמידים און תלמידות פון דער-זעלבער באַנק אָנגעהויבן אויספרעגן.

—וואָס איז דאָס אייער דאגה? האָט זיך טאָם געפּרובט מאַכן העלדיש. אָבער אייניקע קינדער האָבן שוין אַזאַ העזה נישט געקאָנט פאַרטראָגן און האָבן אים אויף דעם געענטפערט:

—אַ געשמיסענעם... האָסטו, מער גאָרנישט!

טאָם איז נישט געוואוינט געווען, מ׳זאָל מיט אים אַזוי ריידן, וואָרום סך־הכל האָבן די תּלמידים געהאַלטן פאַר אַ כּבוד, צו טאָם זאָל זיין מיט זיי חבר. נישט פאַר זיינע למדות האָט טאָם געהאַט אַזאַ גוטן שם צווישן די חברים און אויך נישט פאַר זיין התמדה. פאַרקערט, טאָם האָט קיינמאָל ווי ס׳באַדאַרף צו זיין נישט געענטפערט, בשעת מ׳האָט אים אויסגערופן און אַלע לערער פון קלאַס האָבן כּסדר נביאות געזאָגט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ פּויער. דערפאַר אָבער האָט טאָם געהאַט אַנדערע מעלות—ער פלעגט זיך קאָנען איבערקוליען הינטערן לערערס פּלייצע און יענער זאָל נישט באַמערקן, ער פלעגט קאָנען אײַנ־מיטן די לעקציעס אָנהויבן בילן אין פאַדערצימער ווי אַ הונט, כּדי צו מאַכן אַ טומל און מ׳זאָל כאַטש אויף אַ ווײַלע איבער־רייסן די למודים, און דער עיקר האָט קיין יינגל נישט פאַר־מאָגט אַזעלכע אַנטיקן ווי טאָם.

האָט טאַקע טאָמען פאַרדראָסן וואָס אַ פּאָר קליינע „שנעקעס״־תּלמידים האָבן געהאַט די העזה אים צו דערמאָנען די שמיץ. ער האָט אָבער בעת־מעשה געשוויגן, און די יינגלעך האָבן שוין אַליין פאַרשטאַנען, אַז אומזיסט וועט זיי שוין דאָס נישט אַריבער און אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט זיך טאָם מיט זיי אודאי אָפּרעכענען.

און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען.

בעת דער הפסקה, ווען די תּלמידים האָבן זיך מיט גרויס טומל געלאָזן לויפן איבער די קאָרידאָרן, האָט טאָם דערווייל אַרויס־גענומען פון זיין אויבער-בגד די מציאה, וואָס ער האָט היינט איינגעהאַנדלט ביים באַרימטן העקעלבערי. און דאָס האָט גע־מאַכט אַזאַ רושם, אַז איבער אַלע צימערן פון קלאַס האָט מען נאָר געהערט: „טאָם האָט אַ געפּגרטע קאַץ!״

„נאָבער אומזיסט טרינקט מען וואַסער״, האָט טאָם אַלעמען מתרוצ געווען, און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן פון אַלע זייטן קנעפּ־לעך מיט גלעזלעך, מיט בלעכלעך פון שלייקעס, מיט שפּראָנזשקעס פון אַלטע הויזן און אפילו מזומן-געלט, אַבי טאָם זאָל נאָר לאָזן אָנקוקן און אַ טאַפּ טאָן מיט די הענט די אמתע געפּגרטע קאַץ.

בהרך־עין האָט ער אָנגעלייזט אַ סך מער ווי ער אַליין האָט באַ־
צאָלט העקעלבערין פאַר די סחורה, און דערצו האָט זיך נאָך
טאָם טאַקע שוין דאָ אויפן אָרט אָפּגערעכנט מיט די עטלעכע
חוצפּהדיקע חברים: זיי האָט ער פאַר קיין געלט נישט באַוויזן
די געפּגרטע קאַץ! אגב איז טאָם גאָרנישט געווען אַזוי להוט
נאָך פּרנסה. דאָרטן וואו מען דאַרף נעמען געצאָלט, האָט ער
טאַקע גענומען, מחמת אים אַליין האָט אויך קיינער אומזיסט
נישט געגעבן. דערפאַר אָבער האָט ער באַוויזן זיין אוצר דעם
מיידעלע, נעבן וועלכער ער איז געזעסן, גאָר אומזיסט. באשר
דאָס מיידעלע האָט מורא געהאַט זיך אָנצורירן צו דער פּגירה,
אָבער טאָם האָט איר נישט געזשאַלעוועט און ער האָט דעם
מיידעלע פאַרגעלייגט אפילו איבערצוציילן די ציין ביי דער קאַץ.

דער מיידעלע האָבן טאַקע אַלע תלמידים און תלמידות שטאַרק
מקנא געווען—אַזוי לאַנג שטייט זי נעבן טאָמען און זי קאָן
קוקן אויף זיין אַנטיקל און קוקן און קוקן—אָן אַ סוף! אינדער־
אמתן אָבער האָט דאָס מיידעלע גאָרנישט געקוקט אַזויפיל אויף
דער קאַץ. אַי, וואָס איז זי געשטאַנען אַזוי לאַנג נעבן טאָמען?
ווייל ער האָט פון דאָסניי אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע דאָס
פּריערדיקע פּאַפּירל, כלומרשט נישט ווילנדיק, און דאָס מיידעלע
איז געוואָרן נייגעריק:

—נו, באַווייזט.

—ס'לוינט נישט, דאָרטן איז גאָרנישטאָ.

—אָבער אַ קוק טאָן, מער נישט אַ קוק טאָן!

—אַ קוק טאָן?

—יאָ.

—טאָ ווי רופט מען אייך?

—בעקי טעטשער. און אייך ווי רופן מען?

—טאָמאָס סאָיער, נאָר בעסער רופט מיך פּראָסט: טאָם!

—און איצטער וועט איר מיר באַווייזן דאָס צעטעלע?

—אויב איר ווילט שטאַרק... איר ווילט טאַקי שטאַרק?

—נישט אַזוי שטאַרק...

—דאַרף מען נישט!

—כ׳וויל שטאַרק!

—אָט אַזוי! און טאָם האָט באַלד פאַנאַנדערגעוויקלט דאָס פאַפּירל, וואו ס׳איז געווען אָנגעשריבן: „כ׳האָב אייך ליב!“

—פוי!—האָט דאָס מיידעלע אַ פּאַטש געטאָן טאָמען איבערן האַנט און איז רויט געוואָרן.

טאָם האָט צופרידן געלאַכט און געבעטן:

—בעקי טעטשער, גיט מיר נאָך אַ פּאַטש!

## VI.

אומגעריכט פאַר דער מומע פּאָלי איז אין טאָמען פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג. ער איז חלילה נישט געוואָרן קיין גרע-סערער מתמיד אין לערנען און טאָם האָט נאָך אַלץ נישט פיינט געהאַט ביי אַ גוטער געלעגנהייט אַרויסצוגנבענען אַ שטיקל צו-קער פון דער פושקע אָדער אַ לעקעכל פון אַלמער. אָבער דאָך האָט באַמערקט סיי די מומע פּאָלי אַליין, סיי די קוזינע מערי און אפילו דער קליינער שטיף-ברודערל סיד, אַז מיט טאָמען איז עפּיס נישט גלאַט, אַז שוין אַ לייגגערע צייט, ווי ער האָט אויפגעהערט שטיפן, אויפגעהערט קוליען זיך און כסדר ער פאַרשטופּט זיך אַן אומעטיקער אין אַ ווינקל און זיצט גלייך, ווי ער וואָלט נאָך עמיצן געטרויערט.

די מומע פּאָלי האָט זייער געוואָלט דערגיין די אמתע סיבה פון דעם יינגלס מרה־שחורה, וואָרום אַז מען ווייסט נישט די קראַנק־הייט, קאָן מען דאָך נישט טרעפן, וועלכע רפואה ס׳פּאַסט זיך דערצו. אָבער וויאַזוי האָט דאָס דער מומען געקאָנט קומען אויפן געדאַנק, אַז טאָמס חולאת איז גאָר פאַרבונדן מיט אַ

תלמידה פונם זעלבן קלאַס און וועלכע מען רופט בעקי טעטשער? די מומע האָט גאָר אפילו נישט געוואוסט, אַז אַזאַ שילערין לערנט זיך דאָרטן, און אויב אפילו יאָ, איז וואָס האָט דאָס צו איר יינגל?

אָבער וואָס איז די נפקא-מינה, צי די מומע פאָלי ווייס יאָ דעם אמת, צי זי ווייס נישט, אַבי טאָם האָט געזען, אַז ס׳איז אַריבער אַ טאָג און צוויי און דריי טעג — אַ וואָך אַ גאַנצע איז אַוועק, און דאָס מיידעלע בעקי טעטשער קומט נישט אין קלאַס! נאָכפרעגן זיך אויף דעם מיידעלע האָט זיך טאָם געשעמט, כאָטש אין דערזעלבער שול האָט זיך געלערנט איר ער אַ ברודערל, דזשעק טעטשער, און טאָם האָט אַזוי געביינקט נאָך בעקי, אַז ער האָט פון גרויס צער פאַרלאָרן אפילו זיין גרויסן אַפּעטיט און איז אומגעגאַנגען גאַנצע טעג ווי אַ שאָטן.

וואו דאָס מיידעלע וואוינט האָט טאָם געוואוסט, און אַז ס׳פלעגט ווערן פינסטער, פלעגט ער שטילערהייט אַוועקגיין צו איר פאָטערס הויז, פלעגט זיך דאָרטן שעהן-לאַנג אַרומדרייען מיט דער מחשבה, אפשר וועט זי זיך כאָטש אויף אַ ווײַלע באַווייזן דורכן טיר אָדער כאָטש אין אַ פענסטער, און — מער ווי אַ קוק טאָן דאַרף ער נישט: אַבי זי לעבט. זיין טרחה איז אָבער געוועזן אומזיסט. אַ סך נעכט האָט טאָם פאַרבראַכט אונטער די פענסטער פון בעקי טעטשערס הויז, און דערוואוסט האָט ער זיך קיין זאַך נישט, מחמת טאָמער האָט ער איינמאָל געפּרובט ביים טיר עטלעכע מאָל אויסשרייען דעם מיידלס נאָמען, איז אַרויס די דינסט און האָט אים גאָר אַוועקגעטריבן, דערביי האָט זי נאָך טאָמען גוט עאָנגעזידלט און מתרה געווען, אַז אויב ער וועט נאָכאַמאָל קומען, וועט זי אים אָפּגיסן מיט זודיק וואַסער.

אויף אַזאַ אופן האָט שוין טאָם פאַרלאָרן יעדע האָפנונג צו זען זיך מיט בעקי טעטשער, און נאָכדעם ווי ער האָט משער געווען, אַז זי איז געוויס קראַנק, פלעגט זיך ביי טאָמען אָפּט באַווייזן טרערן אין די אויגן — ס׳טרעפט דאָך, אַז מ׳שטאַרבט אויך פון אַ קראַנקהייט! האָט זיך טאָם אויפגעהערט צו אינטערעסירן זיי מיט זיינע פריילעכע חברים, מיט וועלכע ער האָט ביז גאָר

נישט לאַנג געמאַכט אַזעלכע גרויסע מסחרים, סיי מיט זיין רייכן אוצר שפּילצייג, וועלכן אַלע יינגלעך האָבן אים שטענדיק מקנא געווען, און אפילו זיין גרויסן קיילעכדיקן רייף, וועלכן ער פלעגט קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן פון די הענט און האָט אים נאָכאַנאַנד געקייקלט אפילו אין שטוב ביים עסן—האָט טאָם אויך אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט.

די מומע פּאָלי האָט לכתחילה געמיינט, אפשר האָט זי אים צו־שטריינג באַשטראָפט פאַר די מעשה מיט דער געפּגרטער קאַץ, וואָס ער האָט געבראַכט אַהיים און האָט דעמאָלט פאַרמיאוסט די גאַנצע שטוב. אָבער אַ גאָווינע דאָס איז געווען טאָמען צו כאַפּן אַ קלאַפּ, וואָס? דוכט זיך, אַז ער איז שוין דערצו געווען אַזוי געוויינט, אַז ער פלעגט זיך בעת־מעשה אפילו נישט אַ קרים טאָן, און פאַרוואָס וועט ער זיך דוקא אַזוי שטאַרק נעמען צום האַרצן די לעצטע קלעפּ?

איז ביי דער מומע פּאָלי געבליבן, אַז נישט אַנדערש ווי טאָם האָט געכאַפּט אַ שלעכטן ווינט און דערצו האָט אים נאָך עמיץ מיט אַ בייז אויג אַן עין־הרע געגעבן. איז פון דער עין־הרע האָט אים די מומע אָנגעהויבן היילן מיט אָפּשפּרעכעניש פון אַ קדר, פון אַ מכשף אָדער פון סתם אַ הייליקן מענטשן. און פון דעם שלעכטן ווינט—האָבן איר, ווייבער געזאָגט—קאָן מען גע־נעזן ווערן אָדער דורך קאַלטע וואַנעס, אָדער ווען מ׳זאָל טריב־קען די רפואה, וואָס רופט זיך אָן „באַלזאַם"—אַזאַ משקה, וואָס מ׳קאָכט אויס פון דרייצן פאַרשידענע מינים גראָזן און קריי־טעכצן.

וואָ׳ט די מומע פּאָלי דעם יינגל געמאַכט אַ געוויינלעכע קאַלטע וואַנע, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, וואָרום סך־הכל האָט טאָם דוקא האָלט געהאַט צו פּליושקען זיך אין קאַלט וואַסער. אָבער די מומע האָט געהאַט אַן אַנדער מעטאָדע: זי פלעגט אַוועקפירן טאָמען אין קאַלטן שייער, פלעגט אים אויסטאָן נאַ־קעט און האָט אויפן יינגל געגאָסן מיט קאַלט וואַסער אַזוי לאַנג, ביז דאָס בלוט פלעגט אים פאַרגליווערט ווערן אין די אָדערן, און דאַן ערשט פלעגט זי אים איינוויקלען אין אַ נאַסן לייַלעך,

איינדעקן מיט וואַרימע קאָלדרעס און פעלצן, און טאָם האָט געבעטן געמוזט אַזוי ליגן ביז ס'האָט פון אים אַרויסגעשלאָגן אַ שווייס.

אגב האָט די מומע צוגעטראָכט פאַר טאָמען גאָר באַזונדערע געריכטן צום עסן, צו אַ געוויינלעכער אכילה האָט טאָם אויך קיין אַפּעטיט נישט געהאַט—רק ער פלעגט וועלן אָפּלייגן דאָס עסן אויף שפּעטער, בפרט נאָך ווען די מומע האָט אים גע-צוואונגען צו עסן דוקא שיטערע האָבערנע גרויפּן, וואָס איז געקאָכט מיט זענעפט. נאָר ועל כולם האָט טאָם נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די רפואות, וואָס די מומע האָט אָנגערופן באַלזאַם און וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פון די דרייצען מיגים גראָזן. ער האָט זיך געראַנגלט מיט דער מומע וויפיל ער האָט נאָר געקאָנט, כדי וואָס ווייניקער אויסצוזופּן פון דעמדאָזיקן באַלזאַם, אָבער נישט ווילנדיק האָט ער ביסלעכווייז פאָרט געמוזט טרינ-קען, ביז ער איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן, וואָס האָט אים מציל געוועזן פון די קרייטעכצער.

טאָם האָט זיך מישב געוועזן און האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן לויבן די רפואות, דערביי האָט ער פאַרזיכערט די מומע פּאָלי, אַז זינט ער האָט זיך צוגעוויינט צום טעם פון דעם באַלזאַם—וויל ער שוין גאָר קיין בעסערן מאכל נישט. די מומע פּאָלי האָט פון שמחה אים עטלעכע מאָל אַ קוש געטאָן און האָט אויפגע-הערט אים צו היטן, בשעת ער דאַרף נעמען די רפואות: ווי-באַלד טאָמען איז דער באַלזאַם אַזוי געפעלן—וועט ער שוין אַליין טרינקען. האָט אים די מומע אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע פלעשל מיט אַ לעפל און זי פלעגט נאָר אַריינקומען אַמאָל אַ קוק טאָן אויף דער פלאַש, צי ווערט דאָרט ווייניקער. און ווי-ניקער איז טאַקע אין פלאַש געוואָרן, מחמת טאָם האָט אויסגע-זוכט אין דער פּאָדלאָגע אַ גרויסן שפּאַלט און ער פלעגט פּונקט דריי מאָל אַ טאָג—אָנשטאָט זיך אין מויל—אַריינגיסן אַהין דריי לעפל באַלזאַם.

איינמאָל איז צו אים אין צימער געקומען צו גאַסט זייער גרוי-סע קאַץ, וועלכע די מומע פּאָלי האָט גערופן „פּיטל" און

וועלכע איז געווען אַ גרויסע נאַשערין. אַז די קאַץ האָט דערזען, ווי טאָם גיסט עפּעס אַ פּעטע משקה פון פלעשל אין אַ לעפל, האָט זי אָנגעהויבן ברומען און דרייען מיטן עק און אַזוי ווי בעטן, מ'זאָל איר געבן פאַרזוכן. טאָם האָט פאַרשטאַנען, אַז פאַר אַזאַ מאכל וועט אים די קאַץ שפּעטער קיין דאַנק נישט זאָגן, און ער האָט טאַקע לכתחילה נישט געוואָלט געבן. אָבער ווען די קאַץ האָט אַליין נישט אויפגעהערט שטיין אויף די הינטערשטע לאַפּקעס און בורטשען, האָט טאָם גענומען און אַריינגעגאָסן איר אין האַלדז אַ פולן לעפל באַלזאַם. די קאַץ האָט זיך באַלד גענומען וואַרפן אויף אַלע זייטן ווי אַ שכורע אָדער ווי אַ פאַרסמטע; זי האָט געשפּרונגען אויפן טיש, אויף די ביינק, האָט זיך געוואָרפן אויף די ווענט, אויף די פענסטער, דערביי האָט זי געברומט מיט אַזעלכע משונהדיקע קולות, אַז אויף טאָמען איז ממש אַן אימה געפאַלן. אין דעם מאָמענט איז אין צימער אַריין די מומע פאָלי. די קאַץ האָט זיך נאָכמער איבערגעשראָקן און זי האָט זיך מיט אַזאַ רציחה און אימפּעט אַ וואָרף געטאָן איבערן טיש צום פענסטער, אַז זי האָט תיכף צובראָכן אַלע שויבן, אַראָפּגעוואָרפן עטלעכע בלומענטעפּ אויף דער ערד און אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ ברומעריי פון אַ ווילדער חיה. דאָ האָט זיך שוין טאָם מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט מיט אַזאַ חשק און מיט אַזאַ הנאה, אַז ער האָט זיך פּשוט געקייקלט אויף דער ערד און האָט זיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן.

די מומע פאָלי איז געשטאַנען און געקוקט, און הגם ס'האָט איר הנאה געטאָן, וואָס טאָם באַווייזט אַ פרייע מינע—זי האָט אים שוין לאַנג נישט געזען לאַכנדיק—איז זי אָבער געווען מלא וואונדער: וואָס איז דאָ אַזוינס פאָרגעקומען? ווען טאָם האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָט זי אים געפרעגט:

—זאָג מיר, מיין קינד, וואָס האָט אָקאָרשט געשען מיט אונזער קאַץ, האַ?

—פונוואַנען זאָל איך דאָס וויסן?—האָט זיך טאָם געמאַכט תמוואַטע.

—זינט איך לעב, האָב איך נאָך פון אַ קאַץ אַזעלכע שטיק נישט געזען!—האָט די מומע געקוועטשט מיט די פּלייצעס,—ווייסטו טאַקע גאָרנישט?

—אודאי ווייס איך נישט. נאָר מסתמא טוען אַלע קעץ אַזוי, בשעת זיי זענען שטאַרק צופרידן.

—אַזוי מיינסטו טאַקע?

—אויף געוויס ווייס איך נישט, נאָר... אַזוי ווייזט דאָס אויס.

דאָ האָט זיך די מומע פּלוצלונג דערמאָנט, אַז זי דאַרף אַ קוק טאָן צום פלעשל רפואות, און ווען זי האָט דאָס פלעשל גוט באַטראַכט, איז זי געבליבן אמת צופרידן: ס'האָט געפעלט אַ סך פון נעכטן אָן. אָבער איינבויגנדיק זיך אַ ביסל, האָט זי באַמערקט, אַז דער לעפל ליגט גאָר אויף דער ערד אונטערן בעט און ס'איז איר עפּיס די מעשה נישט געפעלן געוואָרן.

—וואָס איז דאָס, מיין ייִנגעלע,—האָט אים די מומע שטריינג אַ פרעג געטאָן און דערביי אים אָנגעהויבן דרייען פאַר אַן אויער.—וואָס איז דאָס?

—גאָרנישט... אַראָפּגעפאַלן...

—צי האָסטו אָקאָרשט נישט געגעבן דער קאַץ פון די רפואות, האַ?

—טאַקע געגעבן אַ ביסעלע פאַרזוכן,—האָט זיך טאָם מודה געווען.

—ווי אַזוי פאַלט דאָס דיר איין אַזאַ זאַך, האַ?

—כ'האָב אויף דער קאַץ רחמנות געהאַט, וואָרום זי האָט דאָך נעבעך נישט קיין מומע.

—וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייט?! וואָס דאַרף אַ קאַץ אַ מומע, וואָס?

—אַז די קאַץ וואָלט געהאַט אַ מומע, וואָלט זי שוין לאַנג איר פאַרברענט די געדערים מיט אַזעלכע רפואות... וואָס איז אַ קאַץ ערגער פאַר אַ מענטשן?

די מומע פּאָלי האָט פאַרשטאַנען, אַז די רפואות זיינען טאַקע

משמעות אַ קנאַפּער מאָל, און זי האָט, גלעטנדיק טאַמען אי־
בערן קאָפּ, פאַרענטפערט זיך:
—כ'האָב דאָך געמיינט אַלץ פון דיין טובה וועגן. דורכאויס נאָר
דיין טובה האָב איך געמיינט.

# VII.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי איז טאָם אַוועק מיט זיין בינטל העפטן און ביכלעך אין שול אַריין. אודאי האָט ער געקאָנט נישט גיין אין שול אויך, וואָרום די מומע האָט אים געהאַלטן פאַר אַן ערנסטן חולה און ס׳איז איר גאָר אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז טאָם זאָל פלוצלונג ווערן אַזוי פלייסיק צום לערנען. אָבער טאָם האָט אין שטוב נישט געקאָנט איינזיצן, מחמת זייענדיק אין שטוב, האָט ער דאָך אפילו די קלענסטע האָפנונג נישט געהאַט צו דערוויסן זיך עפּיס וועגן בעקי טעטשער, און אין שול קאָן מען דאָך אַלץ זיין. ערשטנס, וועט דאָך איר ברודערל דזשעק טעטשער אודאי קומען, און אפשר וועט זיך אים איינגעבן עפּיס צו דערגיין וועגן בעקין. אגב—אַ קשיא אויף אַ מעשה—דאָס מיידעלע אַליין קאָן דאָך אויך אַמאָל קומען!

איז טאַקע טאָם געקומען אין קלאַס דער ערשטער, און טיכף ווי ער האָט נאָר אוועקגעלייגט זיין בינטל העפטן און ביכער, איז ער אַרויס אויפן הויף, געשטעלט זיך ביים אָפענעם טויער און געוואַרט. ס׳האָבן זיך באַוויזן איינציקווייז און פאַרוויז

יינגלעך מיט מיידלעך—אַלץ תּלמידים פון שול. אָבער זיי אַלע האָבן טאָמען נישט אינטערעסירט, וואָרום וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי אַלע צו דעם איינציקן און טייערן מיידעלע, וועלכעס ער גאַרט אַזוי צו זען? נאָר אָט איז מיט לאַנגזאַמע טריט אַריין דורכן טויער דזשעק טעטשער, און דאָ האָט זיך שוין טאָם אָנ־געהויבן באַוועגן, פאַרפירט מיטן יינגל אַ קורצן שמועס און אַלץ געוואָלט פון זיינע תּשובות כאָטש עפּיס דערוויסן זיך וועגן גורל פון בעקין. נאָר דזשעק איז בטבע געווען אַ ביסל אַ תּמעוון־טער און אַזוי ווי אים איז גאָר נישט איינגעפאַלן, אַז עמיצער קאָן ביינקען אָדער אפילו טראַכטן וועגן זיין שוועסטער, האָט ער כּסדר געענטפערט אַזוי, אַז טאָם האָט פון אים קיין שום זאַך נישט דערגאַנגען, און ער האָט זיך אומגעקערט צום טויער מיט דעמזעלבן פאַרקלעמטן האַרץ ווי פריער.
אייגנטלעך האָט שוין טאָם נישט געהאַט מער וואָס צו וואַרטן ביים טויער, וואָרום אַלע תּלמידים און תּלמידות זיינען שוין געווען געקומען. טאָם האָט אָבער פון דערוויטנס דערזען, אַז אַ מיידעלע אין בעקיס וואוקס דערנענטערט זיך אַלץ מער צום בנין פון דער שול, און וועט וואָס וועט אים אַרן, אַז ער וועט וואַרטן נאָך אַ ווייל? אמת, אַ סך חברים האָבן אים געשלעפּט פאַר די אַרבל—ער זאָל גיין מיט זיי שטיפן אַ ביסל ווייטער אויפן הויף. אָבער אַלצאיינס איז טאָמען נישט געלעגן דער קאָפּ דערביי—אים האָט זיך אפילו געדוכט בעת מעשה, אַז ער וועט שוין קיינמאָל-קיינמאָל אין זיין לעבן מער נישט שטיפן. דערווייל האָט זיך דאָס לעצטע מיידעלע פאַמעלעך דערנענטערט צום שול און טאָם האָט דייטלעך דערקענט, אַז—דאָס איז זי!

גערעדט האָט טאָם אפילו איין וואָרט נישט. ער האָט זיך נאָר מיט אַן אומגעווייגלעכער פלינקייט תּיכּף אַ וואָרף געטאָן טיף אין הויף צווישן דער גרויסער קאָמפּאַניע חברים, האָט זיי אַלע־מען צעשליידערט מיט ביידע הענט אויף אַלע זייטן און אויפן ליידיקן שטח האָט ער זיך אָנגעהויבן קוליען, וואַרפן און באַ־ווייזן כּל המינים קונצן, וועלכע ער האָט נאָך געקענט, דערביי

האָט ער געלאַכט און געשריען מיט אַזאַ הנאה, אַז אַלע ייִנגלעך און מיידלעך זיינען געווען ממש גליקלעך פון דער סצענע. און געטאָן האָט דאָס טאָם נאָר מיט איין כוונה—באַווייזן בעקין ס׳אַראַ גרויסער בריה ער איז, און זאָל זי וויסן, אַז איר האָט האַלט דער גרעסטער העלד פון דער גאַנצער שול! אַז בעקי איז אַרויף אויפן הויף, האָט ער זיך אָנגעהויבן קוליען און מאַכן זיינע קונצן כמעט אונטער אירע פיס, מיינענדיק, אַז דער רושם, וואָס ער מאַכט אויף איר, איז גאָר אין לשער. אָבער צו זיין גרויסן וואונדער האָט בעקי אפילו אין זיין זייט נישט געקוקט, און בשעת טאָם האָט אָנגעהויבן באַווייזן זיינע גבורות האַרט נעבן איר—האָט זי זיך גאָר אָפּגעקערט פון אים און דערביי אַ זאָג געטאָן מיט גרויס גאוה:

—פֿאַראַן ייִנגלעך, וואָס מיינען טאַקע, אַז גאָט ווייס ווי געראָטן זיי זיינען...

טאָם האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד אַן אָנגעצונדענער, און אַ פֿאַרשעמטער, פֿאַראומערטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער אַריין אין קלאַס.

די צוויי שעה ביז דער הפסקה האָבן זיך פֿאַר טאָמען געצויגן ווי אַן אייביקייט. נישט ער האָט געהערט וואָס דער לערער פֿרעגט, נישט ער האָט פֿאַרשטאַנען וואָס די תלמידים ענטפֿערן, דערביי זיינען אים אין קאָפּ אַריינגעקראָכן אַזעלכע ווילדע מחשבות, אַז ער האָט אַליין נישט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז. איין זאַך אָבער איז טאָמען קלאָר געווען: אַז די וועלט איז אומגערעכט קעגן אים! אינדערהיים האָט ער קיין מנוחה נישט פֿון דער מומע פּאָלי. וואָס ער טוט, געפֿעלט איר נישט, ווי ער פֿירט זיך, טויג אַלץ נישט, און דער סוף איז—רק מ׳שלאָגט אים, רק מ׳באַליידיקט אים גאָר אומזיסט און אומנישט. שולדיק אַ סך איז אויך זיין קלענער ברודערל, סיד, וואָס מסרט כסדר אויף אים, און אפילו בשעת סיד אַליין פֿאַרזינדיקט זיך, איז ווער באַקומט די קלעפּ?—אַלץ טאָם! נישט בעסער איז אויך אין שול. פֿאַר יעדער קלייניקייט, וואָס ס׳לוינט גאָרנישט צוריידן וועגן דעם—שטעלט מען אים אין ווינקל, זאָגט מען אים

מוסר, פאַרשעמט מען אים פאַר אַלע חברים אין די אויגן, און אפילו פון שמיץ איז ער אויך נישט באַוואָרנט. אַ קיצור, די גאַנצע וועלט האָט זיך אָנגעזעצט אויף אים, און וויפיל ער מאַטערט זיך נישט צו זיין גוט און פרום—געפינט מען כסדר אויף אים עולות און מען פאַרביטערט אים דאָס לעבן. וואָס דאַרף מען מער—אפילו בעקי טעטשער, וועלכער ער האָט באַוויזן די פליג מיטן לאַנגן שטרוי אין עק און האָט געגעבן איר צו האַלטן די געפּגרטע קאַץ—זי האָט אויך צו אים טענות, און ווי פיין זי האָט דאָס אים באַדאַנקט פאַר זיין פריינטשאַפט צו איר!

ענדלעך זיינען אָבער די פאַר שווערע שעהן מיט גרויס מאַטערניש אַריבער, און בשעת ס'האָט זיך דערהערט דער קלונג פונם גלעקל, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז מען מעג שוין אויף אַ ווײַלע אַרויסגיין פונם קלאַס—האָט שוין טאָם דעמאָלט געהאַט אַ פאַרטיקן באַשלוס: די שול וועט ער שוין מער קיינמאָל נישט אָנזען און אַהיים וועט ער זיך שוין מער קיינמאָל נישט אומקערן!

טאָם האָט געמאַכט אַזאַ חשבון: וויבאַלד אַלע באַליידיקן אים, וויבאַלד קיינער נעמט זיך נישט אָן פאַר אים און וויבאַלד אַלע ווילן פון אים פטור ווערן—מעג ער טאָן וואָס ער וויל און די עבירה וועט פאַלן... אויף אים אַליין געוויס נישט, וואָרום וואָס איז ער נעבעך שולדיק, אַז פון אומעטום יאָגט מען אים און פון אומעטום טרייבט מען אים?! די עבירה וועט פאַלן אויף דער מומע פאָלי, אויף זיין ברודערל סיד, אויפן לערער פון זיין קלאַס, אויף בעקי טעטשער, וואָס האָט אים אַזוי שרעקלעך באַליידיקט און אויף אַלע איבריקע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפרייט אויף זיינע מפּלות. וואָס וועט ער טאָן? טאָם האָט שוין אויסגעטראַכט פאַר זיך אַ מלאכה: ער וועט ווערן אַ גזלן!

געערדט און געטאָן, און אַ פאַרטראַכטער האָט זיך טאָם געלאָזן גיין דורך אַ שמאָלן וועג, וואָס ציט זיך דורך די פעלדער גלייך צום נאָענטן וואַלד. גייענדיק אַזוי איינער אַליין און נישט זעענדיק אַרום זיך קיינעם פון זיינע חברים, וועלכע בלייבן אַלע

בײַ זײערע טאַטעס און מאַמעס, וואָס געבן זײ עסן און טרינ־קען און אפילו קלײנגעלט אויף צו קויפן גוטע זאַכן, איז אים באַפאַלן אַ שטאַרקער אומעט, און ער האָט דערבײַ דערשפּירט אַזאַ רחמנות צו זיך אַלײן, אַז ער האָט זיך פאַנאַנדערגעװײנט אויפן קול. „אײן גאָט אין הימל װײס, אַז איך װיל נישט װערן קײן גזלן—האָט טאָם אַלײן זיך פאַרענטפערט: אָבער װאָס קאָן מען מאַכן, בשעת ס'איז קײן אַנדער ברירה נישטאָ?"

נאָר אין דעם מאָמענט, װען טאָם האָט זיך דערשפּירט אַזױ אײנזאַם און אַזױ אומגליקלעך, האָט ער פּלוצלונג דערזען נעבן זיך אײנעם פון זײנע בעסטע פרײנט, װעלכן מ'האָט גערופן דזשאָ האַרפּער און װעלכער האָט דאָ איצט אַרומגעבלאָנדזשעט װײט הינטערן שטעטל מיט אַן אומעטיק האַרץ און מיט אַ שװערן געמיט. טאָם האָט באַלד אויסגעװישט מיטן אַרבל פון דער רעכ־טער האַנט זײנע פאַרװײנטע אויגן און האָט אויסדערצײלט דעם גוטן חבר זײן גאַנץ האַרץ, אַז אינדערהײם בײַ אים באַגײט מען זיך מיט אים זײער שלעכט—פאַר דער קלענסטער זאַך װערט ער באַלד באַשטראָפט, כסדר די מומע פּאָלי מוסרט אים, שטעלט אים אין װינקל און גיט אים קלעפּ אפילו װען שולדיק איז גאָר דער ײנגערער ברודערל סיד; אַז נישט בעסער גײט אים אין שול, װאו דוקא פון אים פאָדערט דער לערער מער התמדה װי פון אַלע קינדער און װאו ער האָט אַלע טאָג אויס־צושטײן בזיונות אָן אַ שיעור. אַחוץ דעם זײנען די חברים אויך אַלע שלעכטע און נישט קײן דאַנקבאַרע, און אַזױ װי אים איז מיאוס געװאָרן דאָס לעבן, האָט ער באַשלאָסן אויף אַלעמאָל אַװעקצוגײן פון דערהײם. טאָם האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ער איז גליקלעך, װאָס ער קאָן זיך צום לעצטן מאָל געזעגענען מיט זײן בעסטן חבר דזשאָ און ער האָפט, אַז דזשאָ האַרפּער װעט פאַרבלײַבן זײן דער אײנציקער אויף דער גאַנצער װעלט, װאָס װעט אים כאָטש װען ס'איז דערמאָנען.

בײַ די לעצטע װערטער פון טאָמען האָט אים דזשאָ האַרפּער אַרומגענומען װי אַ ברודער, און מיט טרערן אויף די אויגן האָט אים דזשאָ אַזױ געזאָגט:

—ווי איך זע, איז אונז בײדן באַשערט צו זײַן פֿאַרבונדן ביזן לעצטן טאָג פֿון אונזער לעבן. דו דאַרפֿסט וויסן, טאָם, אַז איך בין דאָס אויך אָט אָקאָרשט אַנטלאָפֿן פֿון דערהיים כּדי מער קיינמאָל נישט אומצוקערן זיך, וואָרום איך האָב אויך נישט קיין בעסערן מזל פֿון דיר. טאָג-טעגלעך זוכט מײַן מאַמע כּסדר טענות צו מיר, און מחמת איר איז נישט גוט אויפֿן האַרצן, מײַן מאַמען—איז רק זי שלאָגט מיך. אָט הײַנט איז אויך געווען אַזאַ מעשה: זי האָט גענומען אַ בײַטש און האָט מיך געשמיסן און געשמיסן, אַז כ'האָב שוין מער גאָרנישט געקאָנט אויסהאַלטן, און פֿרעג פֿאַרוואָס—ווייס איך נישט! די מאַמע האָט זיך אײַנגערעדט, אַז איך האָב אויסגעטרונקען דעם גאַנצן טעפּעלע מילך, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן פֿענסטער. אָבער זאָל איך אַזוי לעבן, ווי איך ווייס נישט פֿון וואָס צו זאָגן. כ'האָב גאָר אפֿילו די מילך אין מײַנע אויגן נישט געזען!

—גייען מיר בײדע!—האָט טאָם מיט שמחה אויסגעשריען.

—בײדע!—האָט אים דזשאָ האַרפּער האַרציק געענטפֿערט, און נעמענדיק זיך פֿאַר די הענט, האָבן זיך די פּאָר חברים געלאָזן גיין פֿאָזע וואַלד, מיטן וועג, וואָס פֿירט צום נאָענטן טײַך. לכתּחילה האָבן זיי אַ היבשע ווײַלע געשוויגן. אָבער דערנאָך האָבן זיי אײנער דעם צווייטן געשוואָרן צו בלײַבן טרײַ ביזן לעצטן טראָפּן בלוט. וואו אײנער, דאָרטן דאַרף זײַן דער אַנדערער, און אין אחדות ווילן זיי אם ירצה השם נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן. דזשאָ האַרפּער האָט אויפֿגעגעבן אַ פּלאַן, זיי זאָלן לעבן אין וואַלד, ווי ס'האָבן געלעבט אין גאָר אַמאָליקע צײַטן די גרויסע צדיקים, די אמתע למד-וואָוניקעס, וואָס האָבן זיך באַנוגנט מיט עסן גראָז, מיט טרינקען קאַלט וואַסער פֿון אַ פֿרישן קוואַל און געשלאָפֿן אין הײלן צוגעדעקט מיט בלעטער.

טאָם האָט אים אָבער געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ס'איז אַ סך פֿרײלעכער צו לעבן ווי גזלנים, אײדער ווי צדיקים, אַז גאָט אַליין וועט זיי דערפֿאַר נישט באַשטראָפֿן, מחמת שולדיק אין דעם זײַנען גאָר די מומע פּאָלי, זײַן ברודערל סיד, דער לע-

רער פון קלאַס, דאָס מיידעלע בעקי טעטשער איז דזשאָס מאַ-
מע, וועלכע האָבן זיי פאַרביטערט דאָס לעבן און נישט געלאָזן
פירן זיך ווי אָרנטלעכע מענטשן. דזשאָ האָט זיך געלאָזן אי-
בעררײדן און ס'איז בײ זײ געבליבן, אַז זײ װעלן װערן ים-
גזלנים.

## VIII.

קיין אמתער ים איז אפילו אין דער נאָענט נישט געווען. דערפאַר אָבער זיינען די צוויי חברים נאָך אַ וואַנדערן פון העכער צוויי שעה דערגאַנגען ביז צום טייך מיסיסיפּי, און וויבאַלד אַז קיין ים איז נישטאָ, איז רעכט געוואָרן, אַז מ׳זאָל פירן די גזלנישע אַרבעט כאָטש אויפן טייך. אָפּגעשטעלט זיך האָבן זיי צווישן קוסטעס נעבן טייך, און די כוונה זייערע איז געווען: אָפּוואַרטן צווישן די געדיכטעביימער ביז נאַכט, און אַז ס׳וועט ווערן פינסטער, וועלן זיי ווי ס׳איז דערקלייבן זיך צום זאַמד-אינזל אויפן מיטן טייך און דאָרטן מאַכן זייער שטענדיקן באַהאַלטענעם גזלנים-נעסט, פונוואַנען זיי וועלן באַפאַלן דורכגייער און דורכפאָרער און דערפון וועלן זיי ציען זייער חיונה. די פּאָזיציע האָט מען אָבער געמוזט גוט באַטראַכטן פאַר דער ליכטיקייט און ס׳איז ביי זיי געבליבן, אַז כדי קיינער זאָל זיי נישט באַמערקן און נישט דערקענען, וועט דזשאָ בלייבן באַהאַלטן און טאָם וועט זיך שטילערהייט אַרויסרוקן פון וואַלד און וועט באַקוקן די ערטער, דורך וועלכע זיי וועלן זיך ביי-

נאַכט דאַרפֿן דערקלייבן צו דער אינזל, דערבײַ איז טאָמען אײַנגעפֿאַלן, אַז צוליב פּאָרזיכטיקייט זאָל ער בעסער אָנטאָן דזשאָס היטל און דזשאָס צעריסענעם פּידזשאַק.
טאָם האָט זיך פּאָרזיכטיק, גלײַך ווי ער וואָלט שוין ביז הײַנט באַגאַנגען צענדליקער גנבות און גזילות, אַרויסגערוקט פֿון צווישן די קוסטעס, און אַן אײַנגעהויקערטער אונטער דזשאָס גרויסן היטל האָט ער זיך פּאַמעלעך אַזוי ווי געגליטשט פּאַזע טײַך, אויסקוקנדיק מעשה גרויסער מבֿין די גאַנצע געגנט. בײַם ברעג טײַך איז טאָמען אויסגעקומען צו באַגעגנען זיך מיט אַ סך מענטשן, דאָס רוב אַרבעטער בײַ די האָלץ-פּליטן. אָבער קיינער האָט זיך אויף אים נישט אַרומגעקוקט, קיינער האָט בײַ אים גאָרנישט געפֿרעגט, און טאָם איז געווען צופֿרידן, וואָס קיינער דערקענט אין אים נישט קיין גזלן.
ס'איז אים אָבער באַשערט געווען באַלד צו האָבן אַ גרויסע שרעק, כאָטש אויסגעלאָזן האָט זיך אַלץ לטובֿה. בשעת טאָם האָט זיך אַזוי געשאַרט פּאַזע ברעג טײַך און האָט זיך אַלץ טיפֿער געטוליעט אין דער פֿרעמדער מאַרינאַרקע, האָט ער פּלוצלונג דערהערט אַן אויסגעשריי:
—טאָם?!
קיין חידוש נישט, אַז טאָמען איז אײַנגעפֿאַלן דאָס האַרץ. עפּיס אַ קלייניקייט דאָס איז: עמיצער האָט דאָך דערקענט דעם גזלן! אמת, ער האָט נאָך דערווײַל קיינעם נישט באַגנבֿעט און נישט באַגזלט. אָבער אַפֿי זײַן פּראָפּעסיע איז גזילה, און ווער ווייסט וואָס פֿאַר אַן אומגליק דאָ קאָן פֿאַר אים אַרויסקומען. אגבֿ האָט טאָם בעת מעשה מורא געהאַט, טאָמער וועט דורכדעם בטל ווערן זײַן גאַנצער פּלאַן און אָנשטאָט צו פֿירן אַ פֿרײַען לעבן אָן משגיחים, אָן לערערס און אָן בייזע און שלעכטע מענטשן, וועט מען אים כאַפּן און אַוועקפֿירן צוריק אַהיים צו דער מומע פּאָלי. האָט זיך טאָם לכתּחילה געפּרובט מאַכן נישט הערנדיק און האָט זיך אַן אײַנגעהויקערטער געלאָזן לויפֿן אויף צוריק, כּדי אין דער עת צרה זאָל ער כאָטש קאָנען זײַן צוזאַמען מיט זײַן אײַנציקן חבֿר און שותּף דזשאָ. אָבער פֿון הינטן האָט ער

באַלד דערהערט נאָך דייטלעכערע קולות: טאָם! טאָם, אַנטלויף נישט—דאָס בין איך!—און אין אַ רגע אַרום איז שוין נעבן אים געשטאַנען מיט אַ לאַנגער פיש-ווענדקע אין האַנט דער אַלעמען באַקאַנטער העקעלבערי, ביי וועלכן טאָם האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק אָפּגעקויפט די געפּגרטע קאַץ.

—ווי קומסטו אַהער?—האָט אים העקעלבערי אָנגעקוקט מיט פֿאַרוואונדערונג:—דו דאַרפסט דאָך גאָר גיין אין שול לערנען!

—און ווי קומסטו אַהער?—האָט אים טאָם געענטפערט מיט אַ תשובה,—דו מעגסט?

—וואָס גלייכסטו זיך צו מיר? איך האָב דאָך קיין היים נישט און מיר איז אַלצאיינס וואו צו וואַלגערן זיך.

—און מיר איז שוין אויך אַלצאיינס—האָט טאָם מיט יסורים אָבער אויך מיט אַ ביסל גאווה געזאָגט:—איך האָב שוין אויך מער קיין היים נישט, און צו דער מומע פּאָלי וועל איך זיך שוין קיינמאָל מער נישט אומקערן.

—איז וואָס רעכנסטו צו טאָן דאָ ביים טייך, האַ? אויב דו ווילסט, וועל איך דיר באַלד מאַכן אַ ווענדע און מיר וועלן ביידע צוזאַמען כאַפּן פיש.

—מיר וועלן מסתמא כאַפּן פיש אויך,—האָט טאָם מסכים געווען, דערביי האָט ער העקעלבערין דערציילט די גאַנצע געשיכטע, ווי די גאַנצע וועלט פֿאַרביטערט אים דאָס לעבן. ווי אַלע ווילן פון אים פּטור ווערן, ווי ער האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, סיידן אַנטלויפן פון דערהיים און...

—אָבער וואָס פּאָרט רעכנסטו צו טאָן אין וואַלד?

—איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אַ גזלן!

—וועט דאָך זיין גלייכער, אַז מיר זאָלן ווערן שותפים!

—גיב דיין האַנט!

—נאַ דיר מיין האַנט!

—אַז וואָס גיסטו דיין האַנט?

—אַז מיר ביידע ווערן איין חברה!

דאָ האָט אים טאָם אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז פון איצטער אָן וועלן זיי שוין זיין זאַלבעדריט, מחמת אַחוץ אים און העקעל-

בערין, ליגט נאָך דאָ נישט ווייט אין די געדיכטע קוסטעס באַ-
האַלטן דזשאָ האַרפּער, מיט וועלכן ער האָט שוין געשוואָרן
אייביקע פריינטשאַפט. העקעלבערי איז געווען מלא שמחה—אַזאַ
שיינע קאָמפּאַניע, און טאָם האָט אים אַוועקגעפירט אין די קוס-
טעס אַריין צום דריטן חבר.
תגם דעם גאַנצן פּלאַן וועגן שאַפן אַ גזלנים-באַנדע האָט לכתחילה
אויפגעגעבן טאָם, האָט אָבער די גרעסטע דעה געהאַט העקעל-
בערי, מחמת ער איז שוין פון לאַנג געווען אַן אָפטער אורח
ביים טייך און ער האָט געוואוסט אַלע וועגן און אַלע באַהעל-
טענישן, וואָס קאָנען זייער שטאַרק צונוץ קומען ביי זייער פאַר-
ברעכערישער אַרבעט. נאָר פריער פון אַלץ האָט העקעלבערי
געפאָדערט, אַז וואָס געווען, איז געווען—איצט דאַרף מען גאָר
איבעראַנייס געבן איינער דעם אַנדערן און אַלע דריי צווישן זיך
אַ שבועה, אַז, ערשטנס, איז דאָס אַן אָפּמאַך אויף אייביק—זינט
זיי וועלן לעבן! צווייטנס, טאָר קיינער גאָרנישט טאָן אָן דער
ידיעה פון די איבעריקע חברים און, דריטנס,—דאַרף יעדערער
האַלטן די צונג הינטער די ציינער: אַן איבעריקן וואָרט זאָל
קיינער נישט אַרויסריידן! דערצו האָט נאָך טאָם געפאָדערט פון
די חברים, אַז אין פאַל טאָמער דערוויסט מען זיך אין דער
היים, וואו זיי זיינען און מען קומט אַהער זיי אָפּנעמען, זאָל
מען זיך בשום אופן נישט אונטערגעבן: בלוט מעג זיך גיסן און
אַהיים זאָל זיך קיינער נישט אומקערן! די אַלע תנאים זיינען
אָנגענומען געוואָרן מיט גרויס באַגייסטערונג, און נאָכדעם ווי
טאָם איז פון זיי אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן אַטאַמאַן פון דער
גזלנים-באַנדע, האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט אויפן גראָז כדי
אויסצואַרבעטן אַ קלאָרן פּלאַן פון דער נאָענטער אַרבעט.
טאָם און דזשאָ האַרפּער האָבן נאָר געוואוסט, אַז זיי דאַרפן
זיין גזלנים, אַז זיי דאַרפן לעבן פון מאַכן אָנפאַלן און אַז
דערפון דאַרפן זיי ציען זייער חיונה. זיי האָבן אָבער נישט גע-
וואוסט ווי אַזוי הויבט מען אָן די מלאכה פון רויבעריי, און
דאָ איז שוין געקומען צו הילף העקעלבערי. אמת, ער האָט קיין
עצה נישט געקאָנט געבן ווי אַזוי מען זאָל שוין, טאַקע די מי-

גוט קאָנען עמיצן באַראַבעווען און טאַקע דאָ אויפֿן אָרט מאַכֿן אַ סעודה, ומחמת די גזלנים-באַנדע איז געווען שטאַרק הונגעריק. דערפֿאַר אָבער האָט העקעלבערי געמאַכֿט אַ פּלאַן אויף שפּעטער, בשעת ס׳וועט ווערן פֿינסטער—דעמאָלט וועט שוין זיין פֿון כל טוב און מ׳וועט עסן און מ׳וועט טרינקען און ס׳וועט זיין פֿריילעך.

דער פּלאַן איז געווען אַזאַ: אַזוי ווי ביים טייך אַרבעטן בייטאָג אָרטיקע פּויערים אַרום די פּליטן און זיי האָבן ביי זיך היבשע זאַפּאַסן פֿון עסנוואַרג און אַנדערע זאַכֿן—זאָל מען דערהיטן ווען די פּויערים שלאָפֿן און מאַכֿן אַ באַפֿאַל אויף זיי. אגב איז אויך אָנגענומען געוואָרען העקעלבעריס עצה, אַז דאָ אין די קוסטעס לוינט נישט צו פֿאַרבלייבן לאַנג, ווייל ס׳איז נאָענט פֿון וועג, דאָ גייען פֿאַרביי אַ סך מענטשן און מ׳קאָן סוף-כל-סוף דורכפֿאַלן. אָבער וואו באַהאַלט מען זיך, אַז מען זאָל זיין זיכער פֿון אַ פּרעמד נישט געבעטן אויג? דאָ האָט העקעלבערי אַרויסגעוויזן זיין באַקאַנטשאַפֿט מיט דער געגנט און האָט געפּאָדערט אין נאָמען פֿון דער „שטרייגנער געהיימניש” פֿון דער גזלנים-באַנדע, אַז די רעזידענץ פֿון די גזלנים זאָל אַריבערגעטראָגן ווערן אויף דער נאָענטער זאַמד-אינזל, וואָס ליגט אויפֿן רעכֿטן מיטן טייך מיסיסיפּי. ווי אַזוי אָבער קאָן מען דערגרייכֿן און דערשווימען צום אינזל?

—דאָס,—האָט געזאָגט העקעלבערי,—וועלן מיר זען שפּעטער, נאָך אונזער ערשטן באַפֿאַל אויף די האָלץ-פּליטן.

ס׳איז נאָך אָבער צו נאַכֿט געבליבן היבשע עטלעכע שעה, און דערווייל האָט זיך די חברה געמיטלעך דורכגעשמועסט וועגן זייער היים, וואו מ׳איז אודאי שטאַרק אומרואיק וואָס מיט איינמאָל זיינען פֿאַרפֿאַלן געוואָרן גאַנצע דריי קינדער און מ׳ווייס גאָר אפֿילו נישט וואו זיי צו זוכֿן. סיי טאָם און סיי דזשאָ זיינען געווען זייער צופֿרידן, וואָס כאָטש איינמאָל אין לעבן וועט זיי עמיצער זשאַלעווען, וועט עמיצער וועגן זיי דאגהן און אפֿשר—אַ קשיא אויף אַ מעשה—וועט מען נאָך טאַקע לאָזן וועגן זייער שווערן גורל פֿאַלן אויך אַ טרער. מער נישט העקעלבערי-

האָט אָט די טרייסט נישט געהאַט, ווייל ער האָט קיינמאָל כמעט קיין היים גאָרנישט געהאַט און קיינעם האָט ער נישט געלאָזן, ווער ס'זאָל אַ סך טרויערן.

ביסלעכווייז האָט זיך די זון אַראָפּגעלאָזן נידריקער און נידריקער. צווישן די געדיכטע קוסטעס האָבן אָנגעהויבן פאַלן שווערע און קאַלטע שאָטנס, און חברה-רויבער האָבן אָנגעהויבן שפּירן, אַז אָט-אָט קומט אָן די ערנסטע מינוט, ווען זיי וועלן מוזן איבעררייסן מיט זייער גאַנצן אַרט לעבן ביז היינטיקן טאָג און צוליב די קאַפּריזן פון זייער ביטערן מזל וועלן זיי זיין געצוואונגען אָנצוהויבן פירן אַ לעבן פול מיט סכנות-נפשות. אין האַרצן האָט ביי אַלעמען עפּעס גענאָגט און געצופּט; אַחוץ דעם האָבן שוין אַלע דריי טאָקע לאַנג נישט געגעסן, און די אָוונט-קעלט האָט זיי שטאַרק דורכגענומען. ס'איז געווען אומעטיק און טרויעריק—מחשבות האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרגנבענען אין די הערצער פון די נייע גזלנים, אָבער דאָ האָט העקלבערי אויסגעשריען:

—מאַרש צו דער אַרבעט!

# IX.

מיט דעם פּלאַן פון העקעלבערי האָבן זיך אַלע דריי גזלנים געדאַרפט לאָזן גיין אין באַזונדערע זייטן, און די כונה זייערע איז געווען—באַקומען עפּעס וואָס צום עסן. אַוודאי וואָלט גוט געווען פאַרן ערשטן אַרויסטריט עמיצן צו באַראַבעווען—אַ דורכגייער אָדער אַ דורכפאָרער. אָבער דאָס וועט מען נאָך באַווייזן שפּעטער—זיי זיינען דאָך געוואָרן גזלנים נישט אויף איין טאָג! דערווייל דאַרף מען נאָר שטילן דעם הונגער, און כאַפּן עפּעס, וואָס מען קאָן עסן, קאָן מען נאָר בײַ די שלאָפּעדיקע פּויערים אויף די פּליטן. אַגב האָט זיך יעדערער פון זיי צוגעגרייט מיט אַ ווענדע צום כאַפּן פיש, כדי טאָמער וועט זיך נישט איינגעבן קיין זאַך צו גזלענען—וועלן זיי אויסבאַקן פיש און מ׳וועט עסן וועטשערע.

האָט חברה אַראָפּגערוקט די היטלען טיף איבער די אויגן, און נאָכדעם ווי זיי האָבן אָפּגערעדט צווישן זיך אין וועלכן אָרט זיי וועלן זיך אין עטלעכע שעה אַרום טרעפן—איז מען אַוועק צו דער אַרבעט.

דער ערשטער, וואָס האָט זיך אומגעקערט אויפֿן באַשטימטן אָרט מיט אַ היבשן פּעקל אָנגעראַבעוועטע אכילה-זאַכן, איז געוועזן טאָם. אָבער צו זיין גרויסער שרעק האָט ער זיך לאַנג נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף זיינע חברים, און ערשט נאָכדעם ווי טאָם האָט אויסגעפּרובט אַלע מיטלען צונויפֿצורײדן זיך מיט די איבעריקע צוויי גזלנים דורך אַ באַשטימטן פֿייף, האָט זיך פֿריער אָפּגערופֿן העקלבערי, דערנאָך דזשאָ, און אַרום האַלבע נאַכט זיינען זיי שוין ווידער אַלע דריי געזעסן אין די געדיכטע קוסטעס.

די סעודה האָבן זיי אָבער דערווייל אָפּגעלייגט, מחמת אַלע דריי האָבן מודה געווען, אַז זייער איצטיקע באַהעלטעניש ליגט צו נאָענט צום וועג און אַז מען מוז זיך אָפּרוקן וואָס ווייטער פֿון דעם אָרט, וואו זיי האָבן אָקאָרשט באַגנבעט די שלאָפֿעדיקע פּויערים. ס'איז געקומען דער מאָמענט אויסצופֿירן דעם פּלאַן וועגן באַזעצן זיך דווקא אויפֿן זאַמד-אינזל, און דערצו האָט מען געמוזט פֿאָלגן די עצה פֿון העקלבערי—גנבענען איינעם פֿון די פּליטן, וואָס שטייען ביים ברעג און אַריבערשווימען אויפֿן צווייטן זייט. גערעדט און געטאָן. חברה האָט אָפּגעבונדן דעם ערשטן פּליט, העקלבערי און דזשאָ האָבן זיך געשטעלט ביי די ברעגן נעבן די וועסלעס, טאָם האָט זיך געשטעלט אויפֿן מיטן ווי אַ קאַפּיטאַן, און דער פּליט האָט זיך געלאָזן לאַנגזאַם שווימען איבערן טיפֿן טייך, אין וועלכן ס'האָבן אָפּגעשיינט די בלישטשענדיקע שטערן פֿון בלויען הימל.

ס'איז געווען שטיל און אימהדיק, אויף אַ שטח פֿון גאַנצע מײלן האָט מען אַ לעבעדיקן נפש נישט געזען, און חברה-גזלנים, כאָטש זיי זיינען אַלע געווען פֿאַרנומען מיט זייער אָנגע-שטרײנגטער אַרבעט, האָבן פֿונדעסטוועגן געציטערט מיט אַלע אברים און האָבן אין האַרצן שטילערהייט גאָט געבעטן, ער זאָל זיי וואָס גיכער ברײנגען בשלום אויף אַן אָרט.

באַלד האָט זיך דער פּליט אויפֿן טייך אויסגעגלייכט מיט דעם אָרט וואו ס'געפֿינט זיך די שטאָט, פֿון וואַנען זיי זיינען אַלע דריי היינט אַנטלאָפֿן. וואו נישט וואו האָט זיך נאָך געזען אַ

בליאַסק פון אַ פייער אין אַ פענסטער, און נישט ווילנדיק האָט זיך ביי יעדערן פון זיי בעת-מעשה אַרויסגעריסן אַ טיפער זיפץ, טראַכטנדיק דערביי, אַז דאָס איז שוין מסתמא דער לעצטער מאָל, ווען זיי קאָנען נאָך אָנקוקן דעם אָרט, וואו זיי זיינען גע-באָרן געוואָרן, וואו זיי האָבן זיך געהאָדעוועט און אַזויפיל שווערע טעג דורכגעלעבט. דערצו האָט נאָך זיי געטראָפן אַ סיבה אויפן וועג: דער פליט האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטיין און איז געבליבן שטיין אינמיטן וואַסער. וויפיל כוח זיי האָבן געהאַט, האָבן אַלע דריי געאַרבעט אַזוי לאַנג מיט די וועסלעס, ביז זיי האָבן אַ ריר געטאָן דעם פליט פון אָרט, און ערשט אַרום האַלבער נאַכט זיינען זיי אָנגעקומען צו דעם לאַנג-געגאַרטן אינזל.

ס'איז איבריק צו זאָגן, אַז די דריי חברה-לייט זיינען געווען מיד און דערשראָקן און אַז זיי זיינען שוין גאָר אין דער ווייַלע נישט פעאיק געווען צו קיין גרויסע שמחות. אָבער דער נצחון, וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אין דעם ערשטן טאָג סיי איבער מענטשן און סיי איבער דער נאַטור, האָט זיי שטאַרק אויפגעמונטערט, און זיי האָבן זיך באַלד גענומען צום פּראַווען די סעודה. ס'האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז בסך-הכל האָבן זיי גע-בראַכט צו שלעפּן מיט זיך אַ היבשן שפּייז-פּעקל. טאָם האָט געבראַכט אַ גאַנצן זייט שעפּסנפלייש, אַ האַלבן לעבל שוואַרץ ברויט און נאָך דערצו אַ קלייינקן קעסעלע צום קאָכן. דזשאָ האָט אָנגעוואָרפן אין אַ זאַק שטיקער געטריקנטע פיש, עטלעכע ווייסע בולקעס, נאָך היינט געבאַקענע, און דערצו נאָך אַ גרויסן פּעקל פּראָסטן טאַבאַק צום רויכערן. אויך העקעלבערי איז נישט געקומען מיט ליידיקע הענט—אויף איין וועטשערע האָט שוין געקאָנט קלעקן אפילו פאַר אַזעלכע הונגעריקע ווי זיי.

באַלד האָט שוין געקנאַקט אויפן זאַמד-אינזל אַ פריילעך פייערל, ס'האָט זיך געקאָכט אין קופערנעם קעסעלע דער שעפּסענער זייטל פלייש, און אַרומזעצנדיק זיך נאָענט פון פלאַם, וואָס האָט זיי אגב געגלעט און געוואַרעמט, האָט די רויבער-באַנדע מיט אַפּעטיט גענומען שלינגען אַלץ, וואָס ס'איז פאַרטיק געוואָרן און

אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט צעקייען מיט די ציינער.

אַ גאַנצע האַלבע שעה נאָכאַנאַנד האָט מען פון די גזלנים אפילו אַ פּאַרע נישט געהערט: זיי האָבן כסדר געאַרבעט מיט די באַקן און אַלץ נישט געקאָנט אָנזעטיקן זיך. ערשט דאַן, ווען פון זייער גאַנצן זאַפּאַס איז שוין גאָרנישט געבליבן—מ׳האָט אַלץ איינגעשלונגען, און אַלע דריי האָבן זיך מיט לאַנגע פּאַפּיראָסן אין די מיילער אויסגעצויגן אויפן גראָז נעבן פייער, האָט טאָם אַ צופרידענער אַרויסגעברומט:

—וואָס זאָגט איר, חברים, ס׳איז גוט, האַ?

—אַ גן-עדן, אַן אמתער גן-עדן!—האָט דזשאָ האַרפּער אַ טאַנץ געטאָן פון שמחה.—מיר האָבן שוין לאַנג געדאַרפט אַנטלויפן אַהער!

—און דו ביזט צופרידן?—האָט זיך טאָם נאָכגעפרעגט ביי הע-קעלבערין.—אַז דו שווייגסט עפּעס!

—וועגן מיר איז נישטאָ וואָס צו פרעגן!—האָט זיך העקעלבערי פאַרענטפערט.—סך-הכל האָב איך נאָך אינדערהיים קיינמאָל זאַט נישט אָפּגעגעסן און דאָ... איך וועג איצטער אפשר צען פונ-אַזוי האָב איך זיך אָנגעגעסן! אגב בין איך דאָך זיכער, אַז אַהער וועט שוין קיינער נישט קומען זאָגן מיר אַ דעה—אַ באַלעבאָס פאַר זיך און אַראָפּ פון מאַרק!

—אָט דאָס איז טאַקע דער עיקר,—האָט טאָם אונטערגעכאַפּט,—פּטור געוואָרן פון די מומעס מיט די לערערס מיט די גוטע פריינט—ווער דאַרף זיי?! איצטער וועל איך אויפשטיין, ווען כ׳וועל וועלן און וועל נישט האָבן אויף זיך קיין שול און קיין לעקציעס און וועל נישט הערן מער קיין מוסר און איך וועל נישט דאַרפן זיין קיין „פיינער יינגל"—רק כ׳האָב געדאַרפט זיין אַ פיינער יינגל, איר פאַרשטייט?

—ווען די יינגלעך אין שטאָט וואָלטן דאָס געוואוסט, וואו מיר זיינען און וואָס מיר טוען,—האָט זיך דזשאָ ווידער אַ הויב גע-טאָן מיטן פּאַפּיראָס אין מויל,—זיי וואָלטן אונז מסתמא מקנא געווען, אמת?

—זיי וואָלטן אפשר געשטאָרבן פון קנאה,—האָבן זיך די איבערי־קע צוויי גזלנים אַרויסגעכאַפּט מיט איין מאָל,—אַ קליינים, דאָס איז פירן אַ לעבן פון ים-רויבער!

—און וואָס טוען אייגנטלעך ים-רויבער?—האָט דזשאָ נייגעריק געפרעגט.

—וואָס טוען גזלנים, פרעגסטו?—האָט דזשאָ איבערגעפרעגט.—זיי שוין רואיק—זיי לעבן שוין איינמאָל אַ גוטן טאָג! ערשטנס, נעמט מען אין פלען פרעמדע שיפן, מ׳פאַרברענט זיי, מ׳באַראַבעוועט די פאַסאַזשירן, דאָס גאָלד און זילבער פאַרגראָבט מען אין דער ערד און צום סוף וואַרפט מען אַריין אַלע לעבעדיקע נפשות אין וואַסער אַריין, כדי עס זאָל אויף דער גאַנצער וועלט קיין עדות נישט בלייבן.

—און ווי איז מיט די פרויען?—האָט דזשאָ געוואָלט וויסן.—צי פרויען דערהרגעט מען אויך?

—דאָס נישט—האָט טאָם פאַרזיכערט.—קיין פרויען הרגעט מען נישט. פרויען זיינען דאָך אַלעמאָל גרויסע פאַרשוינען און מען נעמט זיי בעסער אין פלען לעבעדיקערהייד.

העקלבערי האָט אפילו געזאָגט, אַז ס׳זיינען פאַראַן ווייבער מיאוסע אויך און זיי קאָנען אָנטאָן גענוג צרות. נאָר פונדעסט־וועגן איז געבליבן, אַז אָנשטענדיקע גזלנים דאַרפן קיין פרויען נישט דערהרגענען—אַ דאגה, זאָלן זיי אַרומגיין אויפן אינזל.

ביסלעכווייז איז דער שמועס געוואָרן אַלץ שטילער און שטי־לער, וואָרום די גזלנים זיינען שוין געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז די אויגן האָבן זיך זיי אַליין געגומען פאַרמאַכן, און קיי־נער האָט שוין מער מיטן צונג נישט געקאָנט אַ קער טאָן. אמת, דאָרטן איז נישט געווען קיינעמס אַ טאַטע צי אַ מאַמע אָדער אפילו אַ מומע, וואָס זאָל הייסן לייענען קריאת-שמע, און די גזלנים האָבן זיך געקאָנט מאַכן גאָרנישט וויסנדיק און לייגן זיך שלאָפן אָן אַ תפילה. אָבער פונדעסטוועגן האָט יעדער פון זיי אינדערשטיל, ס׳זאָלן די איבעריקע חברים נישט זען, געשעפּטשעט מיט די ליפּן די געוויינלעכע תפילה, און אַריבערדעקנדיק זיך

מיט די מאַרינאַרקעס, איז מען געפֿאַלן שלאָפֿן ווי די סנאָפּעס.

אײן מחשבה נאָר האָט זײ אַלעמען דרײען אַ ביסל געשטערט דעם שלאָף: צי האָבן זײ גוט געטאָן און צי וועט זײ, חלילה, גאָט נישט שטראָפֿן, וואָס זײ האָבן באַגנבעט פֿרעמדע שלאָפֿעדיקע מענטשן? אַלע דרײ גזלנים האָבן זיך געפּרובט טרײסטן מיט דעם, וואָס, ערשטנס, האָבן זײ דאָך געטאָן אַזאַ עבירה נישט פֿון וואוילטאָג—מען האָט דאָך זײ פֿאַרטריבן פֿון דער הײם און ווען זײ גנבֿענען הײנט נישט דאָס שעפּסענע פֿלײש מיט דעם ברויט און די בולקעס, וואָלטן זײ דאָך אודאי געשטאָרבן פֿון הונגער. „בשעת ס׳איז פֿאַראַן אַ סכּנה צו שטאַרבן פֿון הונגער"—האָבן זײ אַלע אינדערשטיל געפּסקנט—„מעג מען געוויס גנבֿענען"; צווייטנס, איז דאָך דאָס קײן נײס נישט, וואָרום אפֿילו אינדערהײם איז מען דאָס געווען אַזוי אָרענטלעך, וואָס? ווער ס׳האָט נאָר געקאָנט, האָט אינדערהײם אויך געגנבֿעט פֿון דער מאַמען, צי פֿון דער מומען אַ לעקעכל, אַן עפּל, אַ שטיקל צוקער, און מ׳האָט דאָס גאָר אפֿילו נישט געהאַלטן פֿאַר קײן עבֿירה! אָבער פֿון דער אַנדער זײט איז דאָס קײן משל נישט: אינדערהײם אַז מען גנבֿעט, איז דאָס נאָר אויף געלעכטער, און אַז מען באַפֿאַלט אָבער אינמיטן נאַכט שלאָפֿעדיקע מענטשן—דאָס איז שוין גאָר-גאָר אַן אַנדער זאַך. דער שלאָף איז זײ אָבער באַלד באַפֿאַלן מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז די מחשבֿות זײנען פֿון זײ פֿאַרשוואונדן ווײט-ווײט, און פֿון זאַמד-אינזל האָט זיך דערהערט דער שטאַרקער כראָפּען פֿון די דרײ ים-רויבער.

## א.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט זיך דער ערשטער אויפגעכאַפּט טאָם. אויפן הימל האָבן זיך נאָך נישט דורכגעריסן דורך די וואָלקנס די זונען-שטראַלן, אויף דער ערד איז נאָך געלעגן אַ דיקער פייכטער טוי און פון די אַרומיקע קוסטעס און צווייגן האָט געבלאָזן מיט אַ קאַלטער לופט, וואָס האָט געמאַכט ציטערן די ביינער. טאָם האָט דערזען, אַז ס'טליעט נאָך פונדערווייטנס דער פייער, וואָס זיי האָבן נעכטן פאַרן שלאָף פאַנאַנדערגע-לייגט. ער האָט זיך צוגערוקט מיט זיין געלעגער נענטער צו די גליענדיקע האָלאָוועשקעס און איז געבליבן ליגן מיט פאַרריסענע אויגן אינדערהויך.

ביסלעכווייז האָט זיך דער הימל אויסגעלייטערט פון די וואָלקנס, ס'האָבן זיך אין מזרח-ווינקל פונם האָריזאָנט באַוויזן סימנים פון דער אויפגייענדיקער זון; צווישן די ביימער און צווייגן האָבן זיך אָנגעהויבן איבעררופן פייגלעך מיט אַ טשוויטשעריי און גע-זאַנג, און טאָמען האָט זיך בעת מעשה אויסגעדוכט, אַז קיין בעסערן בייט האָט ער גאָר אפילו נישט געקאָנט מאַכן: וואָס

וויג אים דאָס איינגע צימער בײ דער מומע פּאָלי, וואו ער שלאָפט צוזאַמען מיט זיין ברודערל סיד, אַז דאָ איז גראָם און פריי און ליכטיק, און אַז ער קאָן ליגן וויפיל ער וויל, אַז ער דאַרף זיך נישט איילן גיין אין שול אַריין און קיינער וועט צו אים קיין טענות נישט האָבן.

ווען טאָם האָט זיך באַלד אַ ביסל איבערגעקערט אויפן לינקן זייט און האָט דערזען: אָט לויפט אַרום פון איין צווייג אויפן צוויטן אַ וועווערקע מיט אַ לאַנגן עק—אַן אמתע וועווערקע, אַ לעבעדיקע, מיט אויסגעשטעלטע אויערן און מיט פלינקע פיסעלעך—איז ער אַריין אין אַזאַ התפעלות, אַז ער האָט שוין גאָר מער נישט געקאָנט איינליגן. נאָך שטאַרקער איז געוואָרן זיין באַגייסטערונג, בשעת ער האָט באַלד דערזען טאַקע האַרט נעבן זיך דאָס פליגעלע, וואָס רופט זיך אָן משה רבינוס קיעלע. אָט קריכט דאָס קיעלע אויף איין גרעזעלע, אָט איז עס פאַרפאַלן געוואָרן און אָט איז עס שוין ווידער אַרויסגעקראָכן און קלעטערט אויפן בייכל לאַנגזאַם, אָבער מיט אימפעט טאַקע אויף טאָמס האַנט! דאָ האָט זיך טאָם מער נישט געקאָנט איינהאַלטן—צו גרויס איז געווען זיין שמחה, און ער האָט אַ געשריי געטאָן מיט אַ קול פון אַ גרויסן שטיפער:

—העקלבערי! דזשאָ! שטייט אויף, פעפערס!

די ביידע חברים האָבן באַלד אויסגעריבן די אויגן, האָבן זיך נייגעריק אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און מיט צופרידענע פנימער זיך אַנידערגעזעצט אויפן גראָז.

—ס׳איז שוין מאָרגן?—האָט מעשה יינגל געפרעגט דזשאָ, נישט וויסנדיק נאָך וואו ער איז אין דער וועלט.

—ס׳איז נישט מאָרגן—ס׳איז שוין היינט!—האָט מיט אַ קלינגענדיקער שטים אויסגעשריען טאָם, דערביי האָט ער אַ טאַנץ געטאָן אויף ביידע פיס, איז צוגעלאָפן צו די חברים, און האָט זיי מיט אַ גליקלעכן פנים באַוויזן, ווי ס׳קריכט ביי אים אויפן מיטלסטן פינגער פון דער רעכטער האַנט משה רבינוס קיעלע. טאָם האָט זיי נאָך דערציילט, אַז ער האָט אָקאָרשט אַליין געזען מיט זיינע אייגענע אויגן אַן אמתע, לעבעדיקע וועווערקע,

און—באשר ער האָט נישט געוואָלט, אָבער ער האָט איר גע-
קאָנט אָנכאַפּן פאַרן עק—אַזוי גאָענט איז זי געוועזן פון אים!

באַלד זיינען שוין אַלע דריי גזלנים געוועזן אויף די פיס און...
—מען האָט דאָך אונז באַגנבעט!—האָט פלוצלונג אויסגעשריען
מיט אַ דערשראָקענעם קול העקעלבערי.
—וואו? וואָס? ווען?—האָבן ביידע איבריקע חברים צעטומלט אי-
בערגעפרעגט.—מיר זיינען דאָך געשלאָפן אין די בגדים!
—איר זעט נישט אונזער אומגליק?—האָט העקעלבערי געוויזן
מיטן פינגער צום טייך.
—ניין...—האָבן די איבריקע געקוועטשט מיט די פלייצעס און
דערביי געשפּירט אַן אימה און אַ שרעק.—ניין...
—אונזער פליט איז דאָך נישטאָ!—האָט העקעלבערי מיט פאַר-
דרוס אויסגעשריען.—מיר זיינען דאָך איצטער געבליבן אָפּגע-
שיידט פון דער גאַנצער וועלט!
אַלע דריי זיינען געבליבן שטיין אָן לשון און קיינער האָט נישט
געפונען אפילו איין וואָרט צום טרייסטן זיך. אמת, אַלע דריי
קאָנען גוט שווימען און אַז מען וועט דאַרפן, וועט מען זיך
פשוט אויסטאָן און מען וועט זיך לאָזן אין וואַסער אַריין. אָבער
אין דער ערשטער ווילע האָט זיך זיי אַלעמען דריייען אויסגע-
דוכט, אַז זיי זיינען די אומגליקלעכסטע אויף דער גאַנצער
וועלט. מ'האָט איבערגעריסן אַלע בריקן און מ'האָט זיי געלאָזן
צווישן הימל און וואַסער, צווישן חיות און פייגלעך. אגב איז
די רויבער-באַנדע געוועזן צוטראָגן דער עיקר צוליב דעם, וואָס
אַנדערע גזלנים האָבן זיי אויסגעשפּירט, און וויבאַלד אַזוי, זיינען
זיי דאָך מיט קיין זאַך נישט זיכער-אפילו מיטן לעבן אויך ניט!

אין אַ ווײַלע אַרום איז אָבער די שרעק און די אימה ביסלעכ-
ווייז פון זיי פאַרשוואונדן. ערשטנס, האָבן זיי טאַקע געפסקנט,
אַז וויבאַלד זיי קאָנען אַלע שווימען, איז קיין סכנה נישט: מען
דאַרף נאָר פונדערווייטנס אויסקוקן וואו ס'שטייט אַ פליט און—
זיי וועלן אים שוין באַקומען, נישקשה! צווייטנס, האָט זיך טאָם

דערמאָנט, אַז נעכטן פאַרן שלאָף האָבן זיי פאַרגעסן צוצובינדן דעם פּליט צום ברעג, און אויב אַזוי, קאָן שטאַרק געמאָלט זיין, אַז קיינער האָט אים גאָרנישט געגנבעט, אַז קיינער האָט זיי גאָרנישט אויסגעשפּירט, נאָר דער פּליט איז פּראָסט אַליין אַוועק-געשוואומען מיטן וואַסער.

אַז חברה האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָט יעדערער גענומען אַ ווענדקע, אויסגעגראָבן ווערימלעך ביים ברעג טייך און נישט ווייט איינער פון אַנדערן האָט מען זיך שטיל אַנידערגעזעצט אויף שטיינער, אויף איבערגעפוילטע קלעצער, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פישפאַנג. ביי איינעם האָט זיך געפּיקט מער, ביים צווייטען ווייניקער, אָבער אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט טאָם אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

—די רויבער-באַנדע גייט איצטער עסן! שוין זאָל מען גיין עסן!

אַז דער אַטאַמאַן זאָגט—איז פאַרפאַלן, און כאָטש העקעלבערי האָט געוואַרט, אַז אָט-אָט וועט זיין ווענדקע פאַרטשעפּען אַ גרויסן העכט—האָבן אַלע תיכף געוואָרפן די אַרבעט, זיינען אַוועק אויפן פריערדיקן אָרט, האָבן געמאַכט אַ גרויסן-אַ גרויסן פייער, אויס-געבראָטן און אויסגעבאַקט פיש—קליינע און גרויסע און מיטע-לע; מ'האָט פריילעך צוגעביסן, פאַרטרונקען מיט פריש קאַלט וואַסער און—

—וואָס וועלן מיר איצטער טאָן?—האָט געפרעגט דזשאָ.

—איצטער...—האָט געשטאַמלט טאָם, אַליין נישט וויסנדיק וואָס פאָרצולייגן...

אָבער העקעלבערי האָט אים איבערגעריסן:

—איצטער גייען מיר זיך באָדן!

—באָדן זיך! באָדן זיך!—האָבן אונטערגעהאַלטן די חברים. נאָר דערביי האָבן אַלע דריי געשפּירט, אַז דער חשק צו באָדן זיך איז גאָרנישט אַזוי גרויס ביי זיי—ס'איז רעכט יאָ און ס'איז רעכט נישט אויך.

לאַנג-לאַנג האָבן זיך די דריי חברים געוואַשן און געשווינקט זיך, געשוואומען און געיאָגט זיך אין טייך; זיי זיינען עטלעכע

מאָל אַרויסגעגאַנגען אויפן ברעג, ווידער אַ ביסל אָנגעוואָרעמט זיך אויף דער זון, פון דאָסניי אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, נאָכאַמאָל אַ שוואום געטאָן אויפן וואַסער און אונטערן וואַסער — אַלערליי קונצן האָט מען איינער פאַרן אַנדערן באַוויזן, ביז מ'איז ענדלעך בלויע, מיט קלאַפּנדיקע ציינער, אַרויסגעלאָפן פון וואַסער, אינדערגיך אָנגעטאָן די הייזלעך מיט די מאַרינאַרקעס און, יאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, זיינען זיי שוין באַלד ווידער געווען אינדערהיים — נעבן פייער, וואָס האָט נאָך אַלץ געברענט און וועלכער איז זיי טאַקע איצטער שטאַרק צונוץ געקומען, מחמת ס'האָט זיי אַלעמען געטרייסלט די ביינער, ווי נאָך אַ פיבער.

האָבן זיי זיך אַלע דריי אויסגעצויגן מיט די פּנימער אַראָפּ אַרום פייער, האָבן פאַררויכערט פון די נעכטיקע געגזלטע פּאַפּי-ראָסן און האָבן געשוויגן. יעדערער פון זיי האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, געוואָלט ריידן אָדער דערציילן, אָבער ס'האָט זיך ביי קיינעם עפּעס די צונג נישט געדרייט, און וואָס לייגנער מ'האָט געשוויגן, אַלץ שווערער איז זיי געווען צו מאַכן אַ סוף צו דער שטילקייט. אגב איז דער טאַבאַק, וואָס זיי האָבן געררויכערט אָן אַ שיעור, געווען זייער אַ פּראָסטער און אַ ביטערער, און נאָך דעם לאַנגן באָדן זיך איז זיי פון דעם רויכערן גע-וואָרן נישט גוט ביז חלשות. זיי זיינען געלעגן און דער קאָפּ ביי יעדערן האָט זיך געדרייט, אין די אויערן האָט געזשומעט און געקלונגען און פאַרביי די אויגן האָבן כסדר געטאַנצט עפּעס מאָדנע משוגעדיקע מענטשעלעך...

נאָר אפילו וועגן דעם האָט אויך קיינער נישט גערעדט — מ'האָט זיך געשעמט איינער פאַרן אַנדערן. אַ גזלן זאָל נישט קענען רויכערן איז דאָך עפּעס נישט שיין! נאָר ווי שלעכט זיי איז נישט געווען, האָבן זיי דאָך אין דער שטילקייט דערהערט עפּעס אַן אומגעוויינלעכן טומל מיט קולות, וואָס האָבן זיך דער-טראָגן צו זיי פון גאַנץ וווייט. דער עיקר האָבן זיי דייטלעך דערהערט אין דעם טומל, אַן אומגעוויינלעך שטאַרקן קלינגען פון גלעקער און וואָס ווייטער, זיינען די גלאָקן-קלאַנגען גע-

וואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער—„בום-בום-בום!
—וואָס קאָן דאָס זיין?—האָט דער ערשטער מיט אַ דערשראָקע־נעם קול אַ פרעג געטאָן דזשאָ האַרפער.
—כ'ווייס אויך ניט—האָט אינדערשטיל מיט אימה געענטפערט טאָם.
—דאָס מוז זיין מסתמא אַ דונער—האָט זיך אַריינגעמישט הע־קעלבערי.—דער אויבערשטער איז אויף אונז אין כעס...
—שווייג!—האָט טאָם אַ געשריי געטאָן.—פלוידער ניט!
זיי האָבן אָפּגעוואַרט נאָך אַ ווײַלע—ס'הערן זיך ווידער קולות, און איבערהויפּט הזרט זיך כסדר איבער דאָס ברומען פון קלוי־סטער-גלאָקן: בום-בום-בום...
דאָ האָט זיך טאָם געשטאַרקט, האָט זיך האַסטיק אַ שטעל געטאָן, האָט געכאַפּט זיין שטעקן, וואָס האָט פאַרביטן אַ קינזשאַל פון אַ ים-רויבער, און האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:
—קומט, ברידער! קומט אַ קוק טאָן וואָס ס'טוט זיך אויף דער וויסער וועלט! מאַרש!
ס'האָבן זיך פלינק אַ הויב געטאָן אויך די איבעריקע צוויי חברים, און, באַוואָפנטע מיט די לאַנגע שטעקנס, זיינען זיי אַוועק צום ברעג טייך, פונוואַנען ס'זעט זיך אַרויס די פאַרפלוכטע שטאָט, וועלכע זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן אויף אַלעמאָל, אויף אייביק. זיי האָבן אָבער אין איילעניש ניט פאַרגעסן, אַז זיי דאַרפן זיין פאָרזיכטיק—קיינער זאָל זיי חלילה ניט דערזען. און דער־פאַר זיינען זיי חלילה ניט אַרויס אויפן פרייען פעלד, נאָר זיינען געבליבן שטיין צווישן קליינע ביימלעך און פון דאָרטן אַרויסגעקוקט צו דער שטאָט צו.
און ווירקלעך האָבן זיי פונדערווייטנס דערזען אַ מאָדנעם אומ־געוויינלעכן בילד: אויפן פּראָם, וואָס פירט אַריבער פּאַסאַזשירן און פוסגייער איבערן טייך, זיינען געשטאַנען אַזויפיל מענטשן, וואָס נאָר אין אַ יריד-טאָג טרעפט דאָס, איז דאָס אויך סיידן פאַרנאַכט, ווען די אַנגעפּאָרענע פויערים קערן זיך שוין אום מיט זייערע פערד, בהמות און חזירים צוריק אַהיים. היינט איז אָבער, ערשטנס, קיין יריד ניטאָ אין שטעטל און, צווייטנס, איז

נאָך ערשט האַלבער טאָג—טאָ פונוואַנען קומען אויפן פּראָם אַזוי־פיל מענטשן? אגב זיינען דאָרט גאָר קיין פורן נישטאָ—אַלץ פּוסגייער, און דער עיקר—ווי קומען אַזויפיל שיפלעך אויפן טייך? אפשר צוואַנציק שיפלעך שווימען מיט אַן אומגעוויינלעכער געשווינטקייט, דערביי הערן זיך פון די שיפלעך אַזעלכע משונהדיקע קולות, און ועל כולם—וואָס קלינגען אַזוי די גלאָקן?

—איך ווייס וואָס דאָס איז!—האָט טאָם פּאָרזיכטיק אַ געשריי געטאָן.—ס'האָט זיך מסתמא עמיצער דערטרונקען אין טייך!

—ס'קאָן זיין!—האָבן די איבריקע חברים געענפערט די מיילער, און ס'האָט זיי בעת מעשה אַלעמען פאַרדראָסן, וואָס זיי קאָנען איצטער נישט זיין אין דער חברה, וועלכע האָט זיך געלאָזן אויף סכנות נפשות כדי צו ראַטעווען אַ מענטשן. אגב געדיינקען זיי נאָך פון פאַראַיאָרן, אַז בעת ס'האָט זיך דערטרונקען אַ סאָלדאַט, וואָס האָט זיך שכורערהייט געבאָדן און מ'איז געלאָפן ראַטעווען אויף שיפלעך—איז געווען אַזוי פריילעך, אַ גרויל—דעמאָלט האָט מען אויך געקלונגען!

אין האַרצן האָט זיי אַלעמען דרייען פאַרדראָסן, פאַרוואָס זיי זיינען נישט אַנטלאָפן פון דערהיים מיט צוויי טעג שפּעטער—זיי וואָלטן דאָ גאָרנישט פאַרזאַמט, און היינט איז ווי אויף צו להכעיס אַזוי פריילעך אין שטעטל! אַודאי ווייַנט מען און מ'קלאָגט דאָרטן, אָבער ס'האָט נישט איינס צו דאָס אַנדערע, אַבי ס'איז לעבעדיק, און אין אַזאַ טאָג דאַרף מען אין שול אויך נישט גיין—מ'לערנט נישט דעמאָלט! איבערהויפּט אָבער האָבן זיי געוואָלט וויסן, ווער איז דאָס דער דערטרונקענער, וואָס מ'זוכט אַזוי שטאַרק—ווער קאָן דאָס זיין?! אָבער ס'איז דאָך קיין פעולה נישט פון טראַכטן, בשעת מ'איז דערביי נישט געווען און מ'ווייס אפילו נישט ווי אַזוי צו פּרובן טרעפן!

נאָר דאָ האָט פּלוצלונג טאָם אַריינגעשטופּט אַ פינגער אין מויל און אַרויסגערעדט מיט אַ פאַרטראַכטן פּנים:

—איר ווייסט, קינדער?
—נו?
—מיר דוכט זיך...
—וואָס דאַכט זיך דיר, וואָס?
—מיר דאַכט זיך, אַז איך ווייס ווער ס'האָט זיך דערטרונקען!

—ווער?!
—דאָס האָבן מיר זיך דאָך אַלע דריי דערטרונקען—דאָס זוכט מען דאָך טאַקע אונז!
חברה האָט דערשפּירט, אַז דאָס לייגט זיך אויפן שכל און בעת מעשה זיינען זיי ביי זיך אין די אייגענע אויגן גאָר חשובער געוואָרן. אַ קלייניקייט דאָס איז: אַ שטאָט מיט מענטשן ריידן איצטער כּסדר נאָר וועגן זיי, מ'וויינט און מ'באַדויערט זיי, מ'פאָרט אויף שיפלעך זיי זוכן און מ'קלינגט אין אַלע גלאָקן—צוליב דעם אַליין נאָר האָט שוין געלוינט צו ווערן גזלנים!

אָט אַזוי זיינען די דריי גזלנים אָפּגעשטאַנען און כּסדר געקוקט מיט דער גרעסטער נייגיריקייט אויף דער מהומה אויפן טייך ביז סאַמע פאַרנאַכט, ווען דער פּראָם האָט שוין אויפגעהערט אַרומצופאָרן איבערן וואַסער. די שיפלעך אויפן טייך זיינען ביסלעכווייז פאַרשוואונדן געוואָרן, די גלאָקן האָבן שוין מער נישט געקלונגען און קיין מענטשלעכן פּנים האָט מען ע[illegible]ן אין ערגעץ מער נישט געזען.
חברה האָט נאָך געהאַט אָנגעכאַפּטע פיש פון אינדערפרי, און תּיכּף ווי זיי האָבן זיך אומגעקערט צו זייער רויבער-נעסט—האָט באַלד ווידער אָנגעהויבן פלאַקערן אַ פריילעכער פייער, ס'האָבן זיך געפּרעגלט פרישע לעבעדיקע פיש, און די חברים האָבן כּסדר געשמועסט צווישן זיך וועגן זייער היים, וואו מען באַוויינט זיי איצטער און וואו מ'האַלט זיי שוין איצטער פאַר מתים. לכתּחילה האָט די מעשה זיי שטאַרק הנאה געטאָן—זיי האָבן דאָך עפּעס אויפגעהויבן אַ שטאָט מיט מענטשן! אָבער בשעת זיי האָבן שוין אָפּגעגעסן די וועטשערע און זיינען גע-

בליבן ליגן שווייגנדיקע אַרום פאַנאַנדערגעלייגטן פייער, האָבן זיך צו זיי ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַרגנבענען טרויעריקע מחשבות. איינעם האָט זיך בעת מעשה געוואָלט אַ קוק טאָן אויף זיין פאַרווייניטע מאַמע, וואָס זיצט איצטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און שעפּטשעט אַ תפילה פאַר דער נשמה פון איר דערטרונקענעם קינד; אַ צווייטן האָט זיך טאַקע פּשוט געוואָלט צוריק אַהיים און אַ דריטער האָט גאָר חשק געהאַט דורכצושפּאַצירן זיך איצטער איבער די גאַסן פון זיין שטאָט און דערנאָך ווידער אומקערן זיך אַהער אויפן אינזל.

פאַרשטייט זיך, אַז אָפן האָט קיינער פון זיי נישט געהאַט דעם מוט אַרויסצוזאָגן די מחשבות. ס'האָט זיך גאָר אַלע וויילע—דאָ פון דעם, דאָ פון יענעם—געהערט אַ טיפער זיפץ, און ס'איז ווידער שטיל געוואָרן. איינער גאָר פון זיי, דזשאָ האַרפּער, האָט זיך צום סוף געפּרובט אַ ביסל פאַנאַנדעררעדן, אַז דאָ איז זייער אומעטיק, אַז ס'איז אַ גרויסער רחמנות אויף די עלטערן און קרובים, אַז מען האָט אפשר געפּרובט אַ טראַכט טאָן... דאָ האָט דזשאָ אָנגעהויבן שטאַמלען, אַז ער מיינט גאָרנישט, אַז איינמאָל האָבן זיי אַלע דריי געגעבן אַ שבועה, אייביק צו בלייבן נע-ונדניקעס, איז דאָך נישטאָ וואָס צו ריידן. נאָר פונדעסטוועגן וואָלט אפשר נישט געשאַדט, נאָכאַמאָל איבערצוקלערן די זאַך און—ס'קאָן זיין, אַז מ'וועט קאָנען זיך מתיר-נדר זיין, און ווען ס'איז...

און הגם די איבעריקע צוויי חברים האָבן בעת מעשה אויך געטראַכט כמעט דיזעלבע זאַך, האָט זיך פונדעסטוועגן טאָם, אַלס אַטאַמאַן פון דער רויבער-באַנדע, באַלד אויפגעהויבן פון אָרט, און האָט אַזוי לאַנג געמוסרט דזשאָ האַרפּערן פאַר זיין נישט טרייקייט צו דער שבועה, אַז ביי יענעם האָבן זיך פון בזיונות געשטעלט טרערן אין די אויגן. העקלבערי האָט זיך אויך געשטעלט אויפן צד פון אַטאַמאַן, און אויף אַזאַ אופן איז דער בונט פון חבר דזשאָ האַרפּער דערשטיקט געוואָרן באַלד ביים אָנהויב און די רויבער-באַנדע איז געראַטעוועט געוואָרן פון אַ מרידה.

ס׳האָט קיין סך נישט געדויערט און העקעלבערי מיט דזש. האַרפּערן זיינען שוין געשלאָפן מיט די נעזער אַרויף, און זייער כראָפּען האָט זיך געהערט ווייט־ווייט אַרום. איין טאָם גאָר האָט גאָר אַפילו נישט געטראַכט וועגן איינשלאָפן. פאַרקערט, ער האָט כּסדר פאָרזיכטיק אַלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ, כּדי צו איבערצייגן זיך, אַז די חברים הערן שוין מער גאָר נישט און זעען נישט. און ווען טאָם איז שוין איינגאַנצן זיכער געווען — האָט ער באַשלאָסן אויסצופירן זיין פּלאַן, וועלכן ער האָט געהאַלטן בסוד פון די חברים. ער האָט זיך פאַמעלעך אויף אַלע פיר אַוועקגעשאַרט אויף אַ היבשן מהלך פונם פייער, וואו ס׳זיינען געשלאָפן די חברים־גזלנים, און פון דאָרטן האָט ער זיך שוין געלאָזט לויפן מיטן גאַנצן אימפּעט צום ברעג טייך.

# XI

נאָך וואָס איז טאָם אַזוי שפּעט אין אָוונט געלאָפן צום טייך און פאַרוואָס אייגנטלעך האָט ער זיך באַהאַלטן פון זיינע חברים? לאָזט זיך אויס, אַז בעת זיי זיינען אַקאָרשט מיט אַ שעה צוריק אַלע דריי געלעגן אַרום פייער און האָבן שווייגעדיקע געטראַכט און געביינקט—איז טאָמען איינגעפאַלן, אַז היינט נאָך, טאַקע באַלד מוז ער זיין אינדערהיים! אָבער נישט חלילה, כדי צו פאַרבלייבן דאָרטן—חס ושלום! ערשטנס, איז ער אַנטלאָפן פון דערהיים נישט אויף געלעכטער. מען האָט אים דאָרטן גענוג געפייניקט, גענוג געמאַטערט, גענוג בזיונות אָנגעטאָן און ס׳איז נישטאָ וואָס צו זשאַלעווען אַזאַ היים. צווייטנס, איז ער נישט פון די גזלנים, וואָס ברעכן זייער וואָרט. איינמאָל האָבן זיי אַלע דריי איינער דעם אַנדערן געשוואָרן אייביקע טרייקייט—איז פאַרפאַלן, און ער וועט אָן זייער ידיעה, חלילה, זיין וואָרט נישט מבטל מאַכן. דריטנס, און דאָס איז דער עיקר: אַז דאָ אויפן אינזל, אין זייער רויבער־נעסט, איז אים גוט ווי די וועלט און קיין בעסערן לעבן האָט ער זיך

גאָדנישט געקאָנט אַפילו פאַרשטעלן און ווינטשן. נאָר וואָס־
זשע דען—אים ווילט זיך אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך ביי אים
אינדערהיים! ער וועט דאָרטן לאַנג נישט פאַרבלייבן—ער וועט
זיך אַפילו פאַר קיינעם נישט באַווייזן: מער נישט אַ קוק טאָן
און וועט ווידער אומקערן זיך אַהער צו די חברים־גזלנים אויפן
אינזל.

ס'איז אָבער לייכט צו זאָגן: אַריבערכאַפּן זיך אַהיים! אַז דעם
פליט זייערן האָט מען נאָך געגנבעט יענע נאַכט בשעת זיי זיי־
נען אַנטשלאָפן געוואָרן—טאָ ווי אַזוי דערקלייבט מען זיך צום
צווייטן ברעג? פאַר טאָמען איז דאָס אָבער קיין תירוץ נישט
געווען—ער מוז היינט, טאַקע באַלד נאָך מוז ער כאָטש אויף
אַ ווײַלע זיין אינדערהיים און קיין זאַך וועט אים שוין נישט
אָפּהאַלטן. האָט זיך טאָם ביים ברעג טייך אויסגעטאָן, צענויפ־
גענויגט די הייזלעך מיט דער מאַרינאַרקע מיט דעם העמד אין
אַ קליינעם פּעקעלע, פאַרבונדן דאָס אַלץ מיט אַ שטריקל אַרום
קאָפּ און האָט זיך געלאָזט שווימען. ערטערווייז, וואו ס'איז
געווען נישט שטאַרק טיף האָט זיך טאָם אָפּגערוט און איז גע־
גאַנגען פּשוט מיט די פיס ביזן האַלדז אין וואַסער. אָבער מער
איז אים פונדעסטוועגן אויסגעקומען צו שווימען און ער האָט
אַזוי לאַנג געאַרבעט מיט די פיס, ביז ער האָט זיך דערקליבן
צום פּראָם, וואָס איז דאָסמאָל לאַנגזאַם געפאָרן איבערן מיטן
טייך און האָט זיך אָפּט אַפילו אינגאַנצן אָפּגעשטעלט אויף אַ
ווײַלע, מחמת דער „פאָראָמשטשיק” איז כסדר אַריינגעפאַלן אין
אַ דרעמל און האָט דעם פּראָם געלאָזט אויף הפקר.
טאָם האָט זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל, האָט פאַמעלעך אַרויפ־
געצויגן אויף זיך די העמד מיט די מייטקעס. און פון זיינט־
וועגן האָט ער שוין געמעגט זיין אויפן צווייטן ברעג טייך.
נאָר מאַך עפּעס מיטן פאָראָמשטשיק, בשעת ער זיצט גאָר אויף
אַ בענקעלע ביי דער גרויסער ווערלע און שלאָפט: טאָם האָט
אים אַפילו געקאָנט אויפוועקן—דאָס איז קיין קונץ נישט. אָבער
דערווייל וועט דאָך אים דער פאָראָמשטשיק דערזען און אפשר
טאַקע דערקאַנען אויך—איז דאָך דאָס ווידער קיין שכל נישט.

האָט זיך טאָם מישב געווען: ער וועט פּרובן אַליין אונטער־טרייבן דעם פּראָם. האָט ער טאַקע אַזוי געטאָן און איז בשלום צוגעפּאָרן ביזן סאַמע בּרעג, וואו ער איז אַראָפּגעשפּרונגען און איז באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן אין די שמאָלע געסלעך פון שטאָט.

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, קיין מענטשן האָט מען שוין כּמעט אין ערגעץ נישט געזען, און דאָך האָט טאָם כּסדר געציטערט: טאָמער דערקענט אים עמיצער און דאַן איז אַ סוף צו זיין גאַנצן פּלאַן. האָט ער זיך איינגעקאָרטשעט אין דרייען, האָט אויפגעהויבן דעם קראַגן פון זיין מאַרינאַרקע, האָט אַראָפּ־געשטופּט די היטל איבער די אויערן און האָט זיך געגליטשט פאַרביי די ווענט און פּאַרקאַנעס, ווי אַ שאָטן. ענדלעך האָט ער זיך פאַרקירעוועט טאַקע אין דעם געסל, וואו זיין מומע פּאָלי וואוינט, און ער האָט פּלוצלונג דערשפּירט אַזאַ רחמנות צו דער מומען, אַז ס׳האָבן זיך אים גאָר טרערן אין די אויגן געשטעלט. אמת טאַקע, זי האָט אים אָפט געגעבן אַ קלאַפּ, זי האָט אים כּסדר געמוסרט און אַלע ווילע מביש געווען, אָבער זי האָט דאָך אים פונדעסטוועגן געגעבן צו זאַט עסן, האָט אים געפירט אַלע מאָל אין גאַנצע מלבושים, האָט אים געשיקט אין שול אַריין לערנען, און טאָמער איז ער אַמאָל קראַנק געוואָרן—איז ווער האָט געהאַט צער און עגמת־נפש?—אַלץ די מומע!

באָר די צייט איז קורץ—האָט זיך טאָם דערמאָנט—קיין סך טראַכטן טאָר מען נישט, און ער האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן דערנענטערן צום שטוב. אַז ער איז אַרויף אויפן הויף פון דער מומע פּאָליס הויז, האָט ער זיך באַלד אַראָפּגעלאָזט פויזן אויף אַלע פיר—קיינער זאָל אים, חלילה, דורך אַ פענסטער נישט באַ־מערקן, און בשעת ער איז אַזוי אַרומגעקראָכן אַ היבשע ווילע, האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַליין געוואָרפן אַן אויג אין די פאַרהאַנגענע שויבן. ליכטיק איז אָבער נאָר געווען אין שלאָף־צימער פון דער מומע פּאָלי, און דורך אַ שפּאַלט האָט ער דערזען ווי ס׳זיצן איינע נעבן די אַנדערע כּמעט ווי צוגעטו־

די מומע פֿאַלי, דער ברודערל סיד, די קוזינע מערי און נאָך
אײנע אַ פֿרעמדע פֿרוי, אין װעלכֿער טאָם האָט דערקאָנט די מו־
טער פֿון זײַן חבר פֿון דער רױבער־באַנדע, דזשאָ האַרפּער.
טאָם האָט געפּרוּבט צולײגן אַן אױער צום פֿענסטער—אפֿשר װעט
ער עפּעס דערהערן פֿון זײער שמועס. אָבער אַ חוץ װאָס די
װײַבער האָבן גערעדט זײער שטיל, איז נאָך אין דרױסן גע־
װען אַ שטאַרקער װינט, און ס'האָט זיך דעריבער אַפֿילו אײן
װאָרט נישט געהערט.
טאָם האָט זיך עטלעכֿע מאָל מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ אַרומגע־
דרײט אַרום בנין פֿון זײער הױז, ביז ער האָט ענדלעך באַ־
שלאָסן: „מען מוז פּרובן אומבאַמערקטערהײט, װי ס'איז אַרײַנ־
קריכֿן אין שטוב!" ער איז דאַן פֿאָרזיכֿטיק צוגעגאַנגען צום
טיר, האָט מיט ציטערדיקע הענט אַ שטופּ געטאָן דעם פֿאַררו־
קער און באַלד טאַקע האָט ער זיך געלאָזט פֿיזן אױף אַלע
פֿיר, ביז ער איז אַרונטערגעקראָכֿן אונטערן שלאָף־באַנק, װאָס
איז געשטאַנען אין דערבײַאיקן צימער און האָט זיך געפֿונען
אין שכֿינות מיטן שלאָפֿצימער פֿון דער מומע פֿאָלי.
אַזױ װאָלט גאָר אַפֿילו קײנער נישט חושד געװען, אַז עמיצער
האָט געעפֿנט די טיר. נאָר צוליב דעם שטאַרקן װינט פֿון
דרױסן האָט אָנגעהױבן לעשן דאָס פֿײַער פֿון שטוב־לאָמפּ, און
די מומע פֿאָלי האָט אַ זאָג געטאָן צו סידן:
—גײ, מײַן זון, טו אַ קוק, צי איז די טיר גוט פֿאַרמאַכֿט.

טאָם האָט זיך שױן דאָרטן אונטערן שלאָפֿבאַנק אַ ביסל דער־
שראָקן, אָבער באַלד האָט ער דערהערט, װי סיד האָט באַרו־
איקט די מומע, אַז ס'איז אַלץ אין אָרדנונג—די טיר איז פֿאַר־
מאַכֿט.
—איז װאָס פֿאַרט האָט דאָ פּלוצים אַזאַ בלאָז געטאָן? האָט
מערי אומרואיק אַ פֿרעג געטאָן.
—מען װײס דען איצטער, װאָס ס'טוט זיך אױף דער װעלט?—
האָט מומע פֿאָלי גערעדט װי צו זיך אַלײן.—אַז ס'טרעפֿן איצ־
טער רק אַזעלכֿע משונהדיקע זאַכֿן, אַז... גאָט זאָל שױן אונז

אויף ווייטער היטן. וואָס קאָן שוין זיין אַ גרעסערע שטראָף האָט די מומע טיף אַ זיפץ געטאָן,—ווי בשעת ס׳ווערט מיט אַמ פאַרפאַלן אַ קינד?...

נאָך אַ קורצן שווייגן מיט אַ כליפעריי, האָט טאָם ווידער דער־הערט דער מומעס קול:

—ער איז דאָך שוין נישטאָ—מ׳זעט דאָך, אַז ער איז שוין נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע, אָבער כ׳האָב אַלע מאָל געטענהט, אַז טאָם, מיין טייערער טאָמעלע, איז אייגנטלעך גאָר קיין שלעכט קינד נישט געווען... ער איז נאָר געווען אַ גרויסער שטיפער, אַ גוואַלטיקער באָדיונג, אָבער איז וואָס? אַ קינד איז אַ יונגער פערדל—ס׳האָט האָלט צו שפרינגען...

ביי אָט די ווערטער האָט זיך מומע פאָלי צעוויינט אויפן קול, און דאָ האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט די מאַמע פון דזשאָ האַר־פער:

—אַ גרויסע וואונד אין האַרצן, אַי אַ וואונד! אַז איך דערמאָן זיך וועגן זונעלע—ווי לאַנג נאָך האָב איך פאַרמאָגט אַזאַ טייערן אוצר, און... וואו ליגן דאָס איצטער זיינע טייערע ביינדעלעך? און וואָס, מיינט איר, איז געווען מיין דזשאָ? אויך אַן אָרנטלעך קינד, אַ טייערע נשמה, נאָר מער נישט—כסדר דאָס האָט גע־שטיפט און כסדר דאָס האָט אָנגעטאָן הזיקות אין שטוב. אָבער איז וואָס—אַז מיר זיינען געווען קינדער, האָבן מיר מסתמא אויך געשטיפט, און פאַרוואָס קומט דאָס אים, מיין טייערן פייגל אַזוי גיך צו פאַלן אין דער ערד.

האַרפערס מוטער האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט נאָך העכער פון דער מומע פאָלי, און עטלעכע מינוט נאָכאַנאַנד האָט זיך גע־טראָגן איבערן שטוב אַזאַ ביטער געוויין, אַז טאָם אונטערן שלאָפבאַנק האָט זיך אַליין אויך צעכליפעט און ביי אים איז אויף אַ ווײַלע געקומען אַ מחשבה: אפשר זאָל ער אַרויסקריכן פון זיין באַהעלטעניש, אַריינשפרינגען אין צימער, אַרויספאַלן דער מומע פאָלי אויפן האַלז און... טאָם האָט זיך אָבער דער־מאָנט, אַז ער איז דער אַטאַמאַן פון דער רויבער־באַנדע, אַז אַלע דריי גזלנים זיינען געבונדן צווישן זיך מיט אַ שבועה, אַז

זייער באַשלוס קיינמאָל־קיינמאָל נישט אומצוקערן זיך אַהיים מוז זיין הייליק, און מיט כוח האָט זיך איינגעהאַלטן נישט אויס־צושרייען: „מומע, איך לעב!״

אַז די ווייבער האָבן זיך צו זאַט אָנגעוויינט, האָט די מומע פאָלי אָנגעהויבן אַרומגיין הין און צוריק איבערן צימער, ריידנ־דיק ווי צו זיך אַליין:

—גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט צוגענומען—געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען אין אַלע וועלטן.

—און איך זאָג,—האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעמישט דער קליינער סיד,—אַז טאָמען איז אפשר איצט דאָרטן אויף יענער וועלט בעסער ווי אים איז געווען דאָ...

—שווייג!—האָט אויף אים די מומע אָנגעשריען.—דו זאָלסט וועגן טאָמען קיין שלעכטס נישט ריידן, דו הערסט? איצטער טאָר אים קיינער נישט משפּטן—מער נישט דער אויבערשטער אַליין!

ביי די ווערטער האָט אויסגעבראָכן מיט אַ ביטערן געוויין די קוזינע מערי, וועלכע מ׳האָט קוים־קוים באַרואיקט, און ערשט דאַן האָבן די ווייבער ווידער פון דאָסניי אָנגעהויבן דערציילן ווי מ׳האָט די פאַרפאַלן־געוואָרענע קינדער היינט אַ גאַנצן טאָג געזוכט אין טייך, ווי אַ סך מענטשן האָבן זיך געלאָזט שווימען אין טייך און האָבן זיך אין אַ סך ערטער דערגרונטעוועט ביז דער ערד, און ס׳איז אַלץ אומזיסט—אַפילו זייערע טויטע גופים־לעך האָט מען אין ערגעץ נישט אָנגעטאַפּט. פון דעם שמועס האָט זיך טאָם אויך דערוואוסט, אַז אויב ביז איבערמאָרגן פאַר־נאַכט וועט זיך קיין שפּור פון זייערע קערפּערס נישט געפינען, וועט מען טאַקע מאָרגן אָפּריכטן נאָך זיי אין די קלויסטערס אַ תּפילה פאַר זייערע יונגע כשרע נשמות.

—גאַנץ שטאָט וועט קומען צו דער תּפילה!—האָט געזאָגט מיט אַ ביסל גאווה דזשאָס מאַמע.—אַ קלייניקייט, אַזאַ אומגליק!

ביי אָט די ווערטער האָט זי זיך מיט אַ נייעם געוויין צעזעגנט מיט די שטוביקע און איינוויקלענדיק זיך אין איר גרויסער

טון, איז זי אַרויס פון שטוב.
טאָמען האָט זיך אַפילו זייער נישט געוואָלט לאָזן די מומע אין אַזאַ צושטאַנד, אָבער ער האָט באַשלאָסן צו באַנוצן זיך מיט דער גוטער געלעגנהייט, וואָס די טיר איז אַ ווײַלע געבליבן אָפן, און האָט זיך געשווינט ווי אַ מויז אַ וואָרף געטאָן באַלד מיט די הענט און מיט די פיס פון איין צימער אין צווייטן, ביז ער האָט זיך בשלום דורכגעשליידערט דורך אַלע טירן און אַפילו אַריבערגעשפּרונגען דעם פּאַרקאַן, וואָס הינטערן גאָרטן.

און אָט איז שוין טאָם ווידער ביים ברעג טייך און ווידער איז פאַר אים געשטאַנען די פראַגע: ווי אַזוי דערקלייבט מען זיך בשלום צום אינזל, וואו ס'שלאָפן איצטער און ווען זיך באַלד אויפכאַפּן זיינע חברים? אויפן ערגסטן פאַל האָט ער גע־האַט אַן עצה: שווימען קאָן ער דאָך גוט—וועט ער זיך מטריח זיין אויסטאָן די הייזלעך, נעמען דעם בינטל בגדים אויפן קאָפּ און אַרבעטן מיט די הענט און מיט די פיס אַזוי לאַנג, ביז ער וועט ווי ס'איז דערשווימען. טאָם האָט זיך אָבער געשפּירט שטאַרק פאַרמאַטערט נאָך פון זיין נסיעה אַהין, דערצו האָט ער פאַר די עטלעכע שעה צייט איבערגעלעבט אַ היבש ביסל שרעק, וואָס האָט אויך אָפּגעשוואַכט זיין מוט און זיינע כוחות, און אים האָט זיך אין דעם מאָמענט זייער נישט געוואָלט פון דאָס ניי אָפּטונקען זיך אין קאַלטן ביינאַכטיקן וואַסער. האָט זיך טאָם מיט קליינע האָפנונגען געלאָזט פאַזשע ברעג זוכן—אפשר וועט אים גאָט העלפן און ער וועט געפינען אַ שטיקל פּליט, און דאַן וועט ער זיין גלייכן?!
און אַזוי איז טאַקע געווען. אָפּגייענדיק אַן ערך אַ וויאָרסט פאַזשע ברעג, האָט ער באַמערקט, ווי ס'שטייען צוגעבונדן איי־נער נעבן אַנדערן צוויי קליינע פּליטן, און קיין באַלעבאָס זעט מען אין ערגעץ נישט. טאָם האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז די פּויערים־אַרבעטער פון די פּליטן זיינען מסתמא אַוועק אין שטאָט אַריין טרינקען בראָנפן, און נישט טראַכטנדיק קיין סך, האָט ער איינעם פון זיי אָפּגעבונדן און האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין

וועג אַריין. לכתחילה האָט אים אויסגעוויזן, אַז צייט אַ שעה און ער איז שוין אויפן אינזל, אינ׳ם גזלנים-נעסט. אָבער אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז אים איז אַליין שווער געווען צו פירן און קירעווען דעם פליט—ס׳האָט אים פשוט קיין כוחות נישט געקלעקט, און צום אינזל האָט ער דערגרייכט נאָך גרויס מאַטערניש ערשט פאַרטאָג, ווען די חברים האָבן זיך שוין אויפגעכאַפּט פון שלאָף און האָבן צווישן זיך גערעדט, אַז טאָם האָט זיי אָפּגענאַרט און איז פון זיי אַנטלאָפן.

טאָם האָט זיך מיט אַ כיון באַהאַלטן אויף אַ ווײַלע צווישן די געדיכטע קוסטעס און האָט אונטערגעהאָרכט זייער שמועס.

—כ׳האָב זיך דאָס אויף טאָמען נישט געריכט—האָט מיט פאַרדרוס כסדר איבערגעחזרט העקלבערי.—ער האָט אָפּגעטאָן זייער אַ מיאוסע מעשה!

—אויב ער איז טאַקע אַנטלאָפן, איז אודאי נישט פיין פון אים—האָט דזשאָ האַרפּער מסכים געווען.—אָבער איך גלויב דאָס אויף אים נישט, טאָם וועט אַזאַ זאַך נישט טאָן!

—ער איז דאָך אָבער פאָרט נישטאָ!—האָט זיך געכעסט העקלבערי.—מען זעט דאָך, אַז ער איז נישטאָ!

—ער קאָן נאָך קומען,—האָט אים אַלץ דזשאָ געפּרובט פאַרענטפערן.—טאָם וועט אונז אַזוי נישט אָפּטאָן, ס׳קאָן נישט זײַן!

בײַ אָט די ווערטער האָט זיך דערהערט פון הינטער די קוסטעס אַן אויסגעשריי:

—און ער איז טאַקע געקומען!—און טאָם איז אַ פריילעכער צוגעלאָפן צו די חברים.

די שמחה פון דער רויבער-באַנדע איז געווען אין לשער. די ערשטע זאַך האָט מען זיך געזעצט אַרום פאַנאַנדערגעלייגטן פייער עסן פרישטיק, און חברה האָט טאַקע פון נחת געגעסן מיט גאָר אַ באַזונדער הנאה און אַפּעטיט. נאָר אמת פריילעך און יום-טובדיק איז געוואָרן, ווען טאָם האָט זיי דערציילט די גאַנצע געשיכטע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט פאַר אָט דער

נאַכט, די התפעלות האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז אַלע חברים האָבן זיך צעקושט, פון דאָסניי געשוואָרן איינער דעם אַנדערן אייביקע טרייקייט, און פסקענדיק, אַז טאָם דאַרף זיך איצטער לייגן שלאָפן, זיינען די אייביקע צוויי גזלנים אַוועק צום טייך באָדן פיש.

## XII

דער וועטער איז יענעם טאָג געווען אַ שיינער, ס'האָט העל און וואַרים געשיינט די זון; אַ לייכטער ווינטל האָט גע־בלאָזן פון טייך און אויפן אינזל האָט פון די צעבליטע ביימער געשמעקט אַזוי מחיהדיק, אַז בעת טאָם האָט זיך אַרום האַלבן טאָג אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ער פאַר זיך אַ טראַכט געטאָן: „די בעסטע מלאכה אויף דער וועלט איז זיין אַ וואַלד־גזלן". אגב, האָבן זיך די חברים באַלד אומגעקערט מיט אַ רייכן פיש־פאַנג—קוים וואָס זיי האָבן דאָס געטראָגן. דערצו האָט העקל־בערי אין די קוסטעס דערטאַפּט עפּעס אַ זעלטענעם נוסבוים, און ער האָט מיט זיך געבראַכט אַזעלכע ניס, וואָס אין שטאָט האָבן זיי קיינמאָל אין די אויגן נישט אָנגעזען.

האָבן זיי טאַקע יענעם טאָג געהאַט אַ מיטאָג, ממש אַ קייזער־לעכן. מ'האָט געקייט און געלאַכט, און טאָם האָט ווידער דער־ציילט וועגן זיין ביינאַכטיקער נסיעה און ס'איז געווען פרייּ־לעך. נאָך מיטאָג זיינען די גזלנים נאָך לאַנג געבליבן ליגן אויפן גראָז און האָבן כסדר גערויכערט פּאַפּיראָסן פון דעם

פראַסטן טאַבאַק מיט גראָבן פּאַפּיר און האָבן אַלע געשוויגן. טאָם האָט אָבער נישט געקאָנט דערלאָזן, אַז אַזאַ שיינער און פריילעכער טאָג זאָל אַריבער גלאַט אַזוי אין גאָרנישט טאָן, און ער האָט פאָרגעלייגט גיין באָדן זיך. די איבריקע חברים האָבן אפילו קיין גרויס חשק דערצו נישט געהאַט—זיי האָבן זיך שוין היינט, בעת זיי האָבן געכאַפּט די פיש, אפשר דריי מאָל געבאָדן. אָבער אַז דער אַטאַמאַן פון דער רויבער-באַנדע הייסט, פּאַסט עפּעס נישט אָפּצוזאָגן, און חברה האָט זיך אַוועקגעלאָזן צום טייך.

גייענדיק צום וואַסער, איז אָבער טאָמען איינגעפאַלן, אַז ס'איז שוין צייט צו מאַכן אַ רעפּעטיציע פון אַ שלאַכט, וואָס אַ רויבער-באַנדע דאַרף אַמאָל פירן קעגן שונא, און דאָס איז דווקא געפעלן געוואָרן אַלעמען. ווי ס'קומט פאַר אַזאַ מלחמה, האָט קיינער פון זיי אפילו געענוי נישט געוואוסט, נאָר טאָם האָט פאַרזיכערט די חברים, אַז, ערשטנס, האָט ער געלייענט אַ באַשרייבונג וועגן אַזעלכע מלחמות און, צווייטנס, איז ער שוין נישט צום ערשטן מאָל אַ וואַלד-גזלן—נאָך פאַראַיאָרן זומער האָט ער זיך בסוד פון אַלעמען אַרויסגעגנבעט אויף צוויי טעג, האָט זיך פאַרייניקט צו אַ גרויסער רויבער-באַנדע, און אים איז אויסגעקומען צו פירן אַ בלוטיקע שלאַכט קעגן ווילדע אינדיאַנער.

טאָם האָט אייגנטלעך קיין ליגן נישט געוואָלט זאָגן, ווייל די מעשה, אַז ער איז שוין אַמאָל געוועזן אַ גזלן, איז דאָך נישט געשטויגן און נישט געפלויגן. נאָר וואָס זשע דען—ער האָט בעת מעשה אַליין אויך געמיינט, אַז ס'איז אמת, און די חברים האָבן זיך געלאָזן איינריידן.

די ערשטע זאַך האָט טאָם אַ קאָמאַנדעווע געטאָן, אַז העקלבערי מיט דזשאָן זאָלן דאָס זיין כלומרשט די ווילדע אינדיאַנער, און ער אַליין וועט דאָס בלייבן דער וואַלד-גזלן, וואָס האַלט מיט זיי מלחמה. פון האַרטע קאָרע, וואָס מ'האָט אַראָפּגעריסן פון די ביימער, האָט מען געמאַכט אַזעלכע היטלען, ווי ס'טראָגן די ווילדע אינדיאַנער און דאָס האָבן אָנגעטאָן העקלבערי און

דזשאַ, און נאָכדעם ווי אַלע האָבן זיך באַוואָפנט מיט לאַנגע שטעקנס און אַנדערע מלחמה-מכשירים—האָט זיך אָנגעהויבן די שלאַכט.

לויטן פּלאַן פון אַלעמען דרייען, האָט דער וואַלד-גזלן טאָם גע-דאַרפט שנעל מנצח זיין די ווילדע אינדיאַנער, און דאָס וואָלט הייסן, אַז קעגן אַ רויבער-באַנדע קאָן קיינער נישט בייסטיין. אָבער בשעתן געשלעג זיינען די ווילדע אינדיאַנער—העקלבערי און דזשאָ—אַזוי אַריין אין חשק, אַז זיי האָבן זיך גאָר אינ-גאַנצן פאַרגעסן, אַז דאָס איז נאָר אַ רעפּעטיציע, און די מלחמה האָט זיך פאַרצויגן אָן אַ סוף. ס'האָט אפילו געהאַלטן דערביי, אַז די ווילדע אינדיאַנער זאָלן צעשמעטערן דעם וואַלד-גזלן, און דעמאָלט וואָלט געווען גאָר מיאוס פאַר דער גאַנצער רויבער-באַנדע. צום גליק, האָט טאָם באַצייטנס אַ געשריי געטאָן:

—האַלט! גענוג!—און די שלאַכט האָט זיך געענדיקט אָן אַ זיג אויף קיין שום צד. און כאָטש קיין גרויסן רושם האָט דידאָזיקע רעפּעטיציע אויף קיינעם פון זיי נישט געמאַכט און פאַרמאַטערט זיינען זיי אַלע געווען, אַז ס'האָט פון זיי דער שוויים געגאָסן און גערונען פון אַלע זייטן—איז נאָך חברה פונדעסטוועגן אַוועק באָדן זיך. אין טייך האָבן זיי שוין אָבער קיין סך קוּנצן נישט געמאַכט, מחמת ס'האָט זיי אַלעמען געטרייסלט אַ צאָן אָן אַ צאָן און מ'איז געוען גערן וואָס גיכער אַרויפצוכאַפּן אויף זיך דאָס העמד מיט די הייזלעך.

צוריקגייענדיק צו זייער גזלנים-נעסט, האָבן אַלע געשוויגן, און אַז מ'איז געקומען אַהיים, האָט טאָם פאַנאַנדערגעבלאָזן דעם אויסגעלאָשענעם פייער און אַלע האָבן זיך מיט נייע פאַפּיראָסן אין די מיילער אַנידערגעלייגט וואָס נענטער צום פלאַם און האָבן ווידער געשוויגן. פונם שווערן קאַמף, וואָס זיי האָבן אָקאָרשט מיט אַזויפיל אימפּעט געפירט, פון דער קאַלטער באָד נאָך דער הייסער מלחמה און פונם ביטערן טאַבאַק, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אָנגערויכערט פאַרן גאַנצן טאָג, זיינען זיי אַלע דריי געבליבן ליגן ווי געליימטע, דערביי האָט זיך צו יעדערן

פון זיי פאַרגנבעט אַ שטיקל חרטה און אַ בייַנקעניש נאָך דער אמתער היים, וואו ס'איז פאַראַן אַ מאַמע אָדער אַן אַנדערע נאָ-ענטער מענטש...

אַ חוץ דעם האָט זיך דער הימל פּלוצלונג פאַרצויגן מיט גרויע געדיכטע וואָלקנס, ס'האָט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלטער ווינט, עס זיינען אַראָפּגעפאַלן גרויסע רעגנס-טראָפּן, ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שאָקלען און וויגן די שפּיצן ביימער, און אויפן האַרצן איז געוואָרן גאָרנישט היימלעך. מער פון אַלעמען איז אָבער געפאַלן ביי זיך דזשאָ האַרפּער—ער האָט זיך ממש קיין אָרט נישט גע-פונען, און זיין בייַנקעניש אַהיים האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך קוים-קוים איינגעהאַלטן פון צו וויינען.

טאָם, כאָטש ער אַליין איז אויך געווען גענוג פאַראומערט און פאַרצווייפלט, איז אָבער פונדעסטוועגן אין אַזאַ מרה-שחורה נישט אַריינגעפאַלן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ס'וועט זיך אַלץ דער עיקר אָן אים: אַז ער וועט מסכים זיין אומצוקערן זיך אַהיים—וועלן אים אַלע פאָלגן. טאָם האָט אָבער געוואָלט, אַז היינט זאָל דאָס נאָך נישט געשען, וואָרום ער וייס דאָך אַ סוד, וועלכן נישט העקלבערי און נישט דזשאָ וייסן. ליגנדיק נעכטן אין אָוונט ביי דער מומע פאָלי אונטערן שלאָפבאַנק, האָט ער דאָך געהערט, אַז מאָרגן וועט מען אין אַלע קלויסטערס אָפּריכטן אַ תפילה פאַר זייערע נשמות, און ס'וואָלט זיך דערי-בער זייער געפאַסט, אַז דוקא אין דער שעה, ווען אַלע וועלן שטיין אין די קלויסטערס און וועלן מתפלל זיין וועגן אים און וועגן העקלבערי מיט דזשאָ האַרפּער—וועלן זיי אַקוראַט דע-מאָלט אַריינלויפן אין קלויסטער און—אַי, וועט דאָס זיין אַ שיינער איינפאַל!

אויסזאָגן אָבער זיינע חברים דעם סוד, האָט ער נאָך נישט גע-וואָלט, און כדי צו מאַכן זיי אַ ביסל פריילעכער, האָט ער געפּרובט זיי איינריידן, אַז דאָ, אויף אָט דעם אינזל, ווייס ער, אַז ס'האָבן זיך שוין אַמאָל אויפגעהאַלטן גזלנים, און אַזוי ווי יענע גזלנים האָבן געוויס דאָ ערגעץ איבערגעלאָזן אַן אוצר—זאָלן זיי איצטער, טאַקע שוין, די מינוט גיין זוכן דעם אוצר,

וואָס באַשטייט פון גאָלד, זילבער און אמתע בריליאַנטן.
דער איינפאַל האָט אָבער ביי די חברים נישט אויסגענומען, און זיי זיינען געבליבן ליגן שווייגנדיקע אין דערזעלביקער פּאָזע, טאַקע אַקוראַט, ווי גאָלד מיט זילבער און בריליאַנטן וואָלטן זיי אָן דעם אוצר אויך געהאַט געגוג. ענדלעך האָט זיך דזשאָ שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ טיפן זיפץ:

—דאָ איז אַזאַ אומעט, אַ גרויל...

—גאָרנישט אומעטיק!—האָט אים טאָם איבערגעריסן.—אַ קאָפּ נישט אומעטיק!

—און מיר ווילט זיך צוריק אַהיים,—האָט זיך דזשאָ מודה געווען.—אַהיים...

—אַ שפּאַס, ס׳אַראַ גליקן דו האָסט דאָרטן אינדערהיים!—האָט טאָם אים אָפּגעענטפערט מיט אַ געלעכטער.—און וואָס איז ווערט, וואָס מיר קאָנען דאָ כאַפּן פיש?

—כ׳דאַרף נישט קיין פיש, כ׳וויל אַהיים, און גאָר!

—און באָדן זיך קאָנסטו אַזויפיל אינדערהיים? דאָ קאָנען מיר דאָך כאָטש אַ גאַנצן טאָג פּלוסקען זיך אין וואַסער!

—אַז מיר ווילט זיך גאָר איצטער נישט באָדן!—האָט דזשאָ ווידער אַ זיפץ געטאָן.—אַ גרויסע זאַך באָדן זיך! מיר ווילט זיך אַהיים און גאָר...

—פונקט ווי אַ קליינער ייִנגעלע!—האָט טאָם פון אים אָנגעהויבן לאַכן.—דעם קינד האָט זיך פאַרוואָלט צו דער מאַמעלען, פּע, מיאוס!

ביי די ווערטער האָט זיך דזשאָ גאָר פאַנאַנדערגעוויינט, און טאָם האָט מיט גאווה אַ זאָג געטאָן צו העקלבערי:

—זאָל ער גיין געזונטערהייט, דער פיזשיק! ער וויל מסתמא זויגן, האָט זיך איהם פאַרוואָלט צו דער מאַמעלען! און מיר ביידע וועלן דאָ בלייבן, דיר געפעלט דאָך צו לעבן ווי אַ גזלן אויפן אינזל, אמת, העקלבערי?

יאָ...—האָט העקלבערי געענטפערט אָן חשק.

—אַודאי!—האָט טאָם איבערגעחזרט.—איך מיט העקעלבערי וועלן דאָ אַליין אויך קאָנען בלייבן, זאָל ער גיין, דזשאָ!
דער פּאַרוויינטער דזשאָ האָט מער אפילו איין וואָרט נישט גע־ענטפערט, און ער האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן אָנטאָן, כּדי אַוועקצוגיין. דאָ איז שוין טאָם געוואָרן טאַקע אויף אַן אמת אומרואיק, וואָרום אַז דזשאָ וועט זיך היינט אומקערן אין שטאָט, וועט דאָך שוין מאָרגן אין די קלויסטערס קיין זאַך נישט זיין, און פון זיין גאַנצן פּלאַן וועט זיך דאָך גאָרנישט אויסלאָזן. נאָכמער צוטראָגן איז טאָם געוואָרן, בשעת ער האָט באַלד באַ־מערקט, אַז אויך העקעלבערי איז עפּעס... ער האָט אפילו גע־שוויגן, אָבער ס'איז קענטיק געוועזן אויף זיין פּנים, אַז ער האַלט מער מיט דזשאָן און אַז אָט-אָט און ער וועט מסתמא אויך אויפהויבן זיך. און אַזוי טאַקע איז געוועזן. העקעלבערי האָט זיך פּלוצלונג איבערגעדרייט אויפן גראָז און אַ זאָג געטאָן:

—דאָ איז טאַקע אַן אומעט...
—גאָרנישט אומעטיק!—האָט זיך טאָם ווידער געעקשנט.
—ס'ווילט זיך שוין אַהיים... קום, טאָם, אויך—לאָמיר אַלע גיין!

—גיי, אַז דו ווילסט! איך וועל בשום-אופן נישט גיין—אפילו איינער אַליין, וועל איך דאָ אויך בלייבן!
—און איך וועל גיין אַהיים.
—ווער לאָזט דיך נישט? אדרבא, גיי—אַז מיר אַרט דאָס נישט!

העקעלבערי האָט אויך אָנגעהויבן צוזאַמענקלייבן זיינע חפצים, דערביי האָט ער נאָך אַלץ געפּרובט ווירקן אויף טאָמען, אַז ער זאָל דאָ אַליין נישט בלייבן.
—איך זאָג דיר, טאָם—קום צוזאַמען! אויב דו ווילסט, וועלן מיר דאָרטן, ביים ברעג טייך, וואַרטן אויף דיר.
—איר וועט צו לאַנג דאַרפן וואַרטן!—האָט טאָם מיט גאווה אַ זאָג געטאָן.—נישט געטראָפן דעם אָרט.
דזשאָ און העקעלבערי זיינען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ אַוועק

צום ברעג טייך, און טאָם איז געבליבן שטיין, געקוקט ווי זיי דערווייטערן זיך אַלץ מער פון דעם גזלנים-נעסט און האָט אַלץ געהאַפט: אפשר וועלן זיי זיך נאָך אָפּשטעלן און וועלן חרטה האָבן. אָבער יענע זיינען אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען און האָבן זיך אפילו איינמאָל אויף צוריק נישט אומגעקוקט. דאָ האָט שוין טאָם מער נישט אויסגעהאַלטן און האָט זיך געלאָזן לויפן צו די חברים, שרייענדיק:

—שטייט אַ ווײַלע! שטעלט זיך אָפּ, איך דאַרף אייך עפּעס זאָגן!

ביידע זיינען געבליבן שטיין, מיינענדיק, אַז טאָם האָט שוין אויך צוגענומען זיין פּעקל פון גזלנים-נעסט און גייט מיט זיי אַהיים. אָבער טאָם האָט זיי געבעטן זיך צו זעצן אַ ווײַלע אויף דער ערד—ער האָט זיי צו דערציילן אַ סוד. לכתחילה האָבן זיי דערצו אפילו קיין חשק נישט געהאַט און העקעלבערי האָט איהם פּראָסט גענומען פאַר אַן ארבל און געזאָגט:

—אָט מאַך זיך נישט פאַר קיין העלד און קום צוזאַמען אַהיים!

נאָר טאָם האָט ווי ס'איז געפועלט, זיי זאָלן זיך צוזעצן אַ ווײַלע, און בשעת ער האָט זיי דערציילט דעם גאַנצן סוד, אַז מאָרגן פאַרנאַכט וועט מען אין אַלע קלויסטערס דאַוונען און קלינגען און גאָט בעטן פאַר זייערע נשמות—האָבן זיי באַלד מסכים געווען, אַז ס'איז טאַקע אַ שכל אָפּצוּוואַרטן ביז מאָרגן און אַז זיי וועלן בעסער אַלע דריי קומען אין קלויסטער אַריין צו דער אייגענער „הזכרת-נשמה"—אַי, וועט דאָס זיין אַ פיין שטיקל אַרבעט!

פון התפעלות האָבן זיך אַלע דריי געגעבן די הענט, האָבן זיך אַלע איינער קעגן אַנדערן איבערגעבעטן און מלא שמחה האָבן זיי זיך ווידער אומגעקערט צו זייער גזלנים-נעסט, וואו ס'האָט נאָך אַלץ געברענט דער פאַנאַנדערגעלייגטער פייער. יענע נאַכט האָבן די גזלנים פאַרבראַכט פריילעכער, ווי די גאַנצע צייט. זיי האָבן געגעסן און געטרונקען און געזונגען און האָבן אפילו פאַרגעסן, אַז מען דאַרף שלאָפן, און אויף מאָרגן גאַנץ פרי, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן קלייבן אין וועג אַריין.

פון אינזל צום ברעג האָבן זיי אַריבערגעשוואומען, האַלטנדיק די העמדער מיט די מייטקעס אויפן קאָפּ, אָבער אין שטאָט זיינען זיי פאַרשטעלטערהייט אַריין ערשט דאַן, ווען ס'האָבן אָנגעהויבן צו קלינגען די קלויסטער-גלאָקן און ווען זיי זיינען געוועזן זיכער, אַז ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן די תּפילה. אין דער גרויסער איינגשאַפּט האָט זיי לכתחילה אין קלויסטער קיינער נישט באַמערקט און ס'האָבן זיך געהערט די ביטערע געוויינען פון די מוטערס, פון די מומעס און די איבריקע קרובים, וואָס האָבן באַקלאָגט זייערע קליינע עופעלעך, וועלכע האָבן געפונען זייערע קברים אין די טיפענישן פון טייך. נאָר פּלוצלונג האָט עמיצער אויסגעשריען מיט אַ משוגהדיקן קול:

—אָט איז דאָך... אָט זיינען דאָך די מתים!!!

אין קלויסטער איז געוואָרן אַ מהומה, אַ רעש; מענטשן זיינען געפאַלן אין חלשות, מ'האָט זיך געקושט און געהאַלזט און געוויינט און געלאַכט, ביז מ'איז זיך ביסלעכווייז פאַנאַנדערגעגאַנגען אַהיים—יעדע מוטער און יעדע קרובה מיט איר געפונענעם קינד. אויך מאָם איז טאַנצנדיק אַוועק אַהיים אין דער באַגלייטונג פון דער מומע פּאָלי, וואָס האָט כּסדר געקוועטשט מיט די פלייצעס און געקושט איר טייערן טאָמען.

# XIII.

דער ערשטער אָוונט איז פֿאַר טאָמען אַריבער אין אַזאַ פריי־לעכקייט, וואָס ער האָט זינט ער לעבט נישט געזען. די מומע פֿאָלי איז געווען אַזוי גליקלעך, וואָס טאָם האָט זיך אומגעקערט אַ לעבעדיקער, אַז זי האָט פון גרויס שמחה אָנגע־צונדן אַלע לאָמפּן אין שטוב, האָט אויסגעקאָכט אַלע בעסטע מאכלים, וועלכע טאָם האָט ליב געהאַט, און כסדר די משפּחה האָט אים געהאַלטן אין קושן. אפילו דער קליינער סיד, וואָס האָט נאָך אַלץ געטראָגן אַ כעס אויף טאָמען, איז אויך עטלעכע מאָל צוגעלאָפן צו אים און האָט אים באַשאָטן מיט קושן. טאָם איז געזעסן אויבנאָן, ווי אַ חתן, האָט מיט אַפּעטיט געגעסן און געטרונקען און האָט בעת־מעשה פֿאַר זיך געטראַכט, אַז מיט זיין אַנטלויפן האָט ער זיך קיין רעה נישט געטאָן און אַז מען דאַרף טאַקע אַמאָל אָנלערנען אַזאַ מומע: זאָל זי ווייטער וויסן, ווי טייער מען דאַרף האַלטן קינדער!

אַ ביסל אומעטיקער איז אים געוואָרן, בשעת די מומע האָט מיט טרערן פון פרייד אים אָנגעהייבן דערציילן, וואָס זי האָט אין

די לאַנגע נעכט איבערגעטראַכט און איבערגעקלערט וועגן איר פאַרפאַלן-געוואָרענעם קינד—זי איז פון צער עלטער געוואָרן אפשר אויף צוואַנציק יאָר! די מומע פאָלי האָט זיך אָבער מיט דעם אַליין נישט באַנוגנט און האָט אָנגעהויבן מוסרן טאָמען פאַר זיין שלעכט האַרץ.

—ווען דו לויפסט אַריין צו מיר כאָטש מיט אַ האַלבע שעה פריער, ווי מיר זיינען אַלע אַוועק אין קלויסטער, וואָלסטו דאָך מיר אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט!

די קוזינע מערי האָט אויך מסכים געווען מיט דער מומע, נאָר זי האָט דערביי פאַרענטפערט טאָמען, אַז מסתמא איז דאָס אים בעת מעשה נישט איינגעפאַלן.

—וואָלסטו אַריין מיך דערפרייען, ווען דו דערמאָנסט זיך, האַ, טאָם?—האָט די מומע פאָלי מיט ליבשאַפט איבערגעפרעגט.—וואָלסט געוויס אַריין, אמת, מיין קינד?

—כ׳ווייס אַליין אויך נישט...—האָט טאָם געשטאַמלט.—כ׳ווייס נישט...

—פאַרוואָס ווייסטו דאָס נישט? צי דען האָסטו גאָר קיין רחמנות נישט אויף דיין אָרימער מומע?

—כ׳וואָלט דאָך דעמאָלט אַליין קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן עסק!—האָט געענטפערט טאָם

—וואָסער עסק?

—ס׳וואָלט דאָך שוין דעמאָלט די גאַנצע הזכרה נישט גע-ווען!

די מומע פאָלי איז געבליבן נישט צופרידן פון טאָמס ענטפער, און זי האָט מיט אַ זיפץ געזאָגט:

—געדיינק, טאָם, דו וועסט זיך ווען ס׳איז אודאי אַרומזען, אַז דו האָסט געדאַרפט דיין מומע פאָלי כאָטש אַ ביסל האָלט האָבן, אָבער ס׳וועט שוין דעמאָלט זיין שפעט.

—טאָמען האָט איצטער זייער פאַרדראָסן, וואָס די מומע איז זין אַזוי שטאַרק מצער, און ער האָט פריילעך און מיטן גאַנצן האַרצן אַרויסגערעדט:

—עסט זיך נישט אָפּ דאָס האַרץ, מומע, כ׳האָב אייך האָלט,

און בשעת כ'בין געווען אויפן אינזל, האָב איך אייך אפילו געזען אין חלום...

—טאַקע, מיין קינד, טאַקע געזען מיך אין חלום?—האָט זיך די מומע דערפרייט.—וואָס פאַרט האָט זיך דיר געחלומט וועגן דער מומען?

—דאָס איז געווען אויערנעכטן ביי דער נאַכט, נישט ביינאַכט, נאָר טאַקע גאָר אין אָנהויב אָוונט, בשעת מיר אַלע דריי וואַלד-גזלנים האָבן זיך געלייגט שלאָפן—האָט זיך מיר געחלומט..

—וואָס? וואָס?

—האָט זיך מיר געחלומט, אַז דאָ, ביי אייך אין שלאָפצימער, איז געזעסן די מומע און מערי און סיד...

—אַ נאָווינע איז דאָס?—האָט די מומע אַ קוועטש געטאָן מיט די פלייצעס.—דאָס רוב זיצן מיר דאָרטן אַלע דריי.

—דערנאָך האָט זיך מיר געחלומט, אַז מיט אייך צוזאַמען זיצט דאָרט אויך די מאַמע פון דזשאָ האַרפער...

—אַי, זי איז דאָך טאַקע אויערנעכטן אין אָוונט דאָ געווען!—האָט די מומע געזאָגט.—נו, און וואָס ווייטער?

—נאָך אַ סך זאַכן האָט זיך מיר געחלומט וועגן דיר—האָט טאָם אָן חשק געענטפערט.—כ'האָב שוין גאָר כמעט פאַרגעסן.

—דערמאָן זיך, מיין קינד, דערמאָן זיך און לאָמיר הערן!

—ווייטער האָט זיך מיר אין שלאָף אויסגעדאַכט, אַז בעת איר זייט אַלע געזעסן און גערעדט, האָט דער ווינט פּלוצלונג אַ בלאָז געטאָן דאָס פייער אין שטוב און...

—נו, נו, און וואָס איז ווייטער געווען?—האָט די מומע פאָלי אָנגעהויבן קוקן אַ פאַרחידושטע אויף מערין.—דערצייל, דערצייל, מיין קינד!

—אַז איך געדיינק שוין נישט.

—אָט דערמאָן זיך, מיין זון!

טאָם האָט כלומרשט אָנגעהויבן רייבן דעם שטערן און ריידן אייניציקע ווערטער:

—אַקוראַט געדיינק איך נישט, נאָר דאַכט זיך, אַז איר האָט

דאַן געשיקט סידן, ער זאָל אַ קוק טאָן, צי ס'איז גוט פאַרמאַכט די טיר...

—מערי!—האָט די מומע פאָלי אויסגעשריען.—מערי, דו געדיינקסט, כ'האָב דאָך טאַקע געשיקט סידן אַ קוק טאָן די טיר! גאָט אין הימל, ס'איז דאָך גאָרנישט צו גלויבן, אַז אַ חלום זאָל זיין אַזוי ריכטיק! וואָס איז געווען ווייטער, מיין קינד?

—אַז איך געדיינק שוין נישט,—האָט זיך טאָם כלומרשט געבעטן.—שוין פאַרגעסן.

—דערצייל, דערצייל, מיין טייערע, דערמאָן זיך.

טאָם האָט זיך מיטאַמאָל אַ שטאַרקן פּאַטש געטאָן אין שטערן און געזאָגט:

—איצטער האָב איך זיך שוין אַלץ דערמאָנט—איך געדיינק שוין דעם גאַנצן חלום, מומע! איר האָט דעמאָלט געזאָגט, אַז אינדערראמתן בין איך גאָרנישט קיין שלעכטער יינגל, אַז איך בין נאָר אַ גרויסער שטיפער, פונקט ווי אַ יונגער פערדל.

—כ'האָב דאָס טאַקע געזאָגט, אודאי האָב איך דאָס געזאָגט. נו, און ווייטער?

—דערנאָך האָט איר זיך פאַנאַדערגעוויינט.

—אמת, אמת, אמת!—האָט די מומע פאָלי פון התפעלות אָנגעהויבן ברעכן מיט די הענט.—נו, און דערנאָך?

—דערנאָך האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט דזשאָס מאַמע.

—גוואַלד!—האָט די מומע פאָלי אָנגעהויבן לויפן איבערן שטוב.—דאָס איז דאָך ביים קינד געווען עפּעס אַ געטלעכער חלום! אַבי ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס לאַכן פון חלומות! אַז איך וועל דאָס מאָרגן דערציילן דער פרוי האַרפּער, וועט זי דאָך פון די כלים אַרויס! נו, און וואָס ווייטער?

—דערנאָך האָט, דאַכט זיך מיר, סיד עפּעס געזאָגט וועגן מיר...

—כ'האָב קיין זאַך נישט געזאָגט!—האָט זיך סיד אַ שטעל געטאָן.—קיין זאַך נישט!

—ניין, סיד,—האָט זיך אַריינגעמישט די קוזינע מערי.—טאָם איז גערעכט—דו האָסט טאַקע יאָ עפּעס געזאָגט.

—איך האָב זיך שוין דערמאָנט,—האָט טאַטע געזאָגט.—סיד האָט זיך אַריינגעמישט, אַז מיר איז דאָרטן, אויף יענער וועלט, אפשר בעסער איידער דאָ, אויף דער וועלט.

—איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן!—האָט די מומע פאָלי אויסגעשריען.—ער איז דאָך אַ הייליק קינד, טאָם! מער נישט ווי אַ הייליקן קאָן זיך אַזוי חלומען—ס'איז דאָך וואָרט אין וואָרט! און דערנאָך, טאָם?

—דערנאָך? אַ לאַנגער חלום געוועזן, כ'געדיינק שוין נישט. נאָר דאַכט זיך, אַז צום סוף האָט זיך די מומע צעקושט מיט דער פרוי האַרפער, אַלע האָבן געוויינט, די מומע האָט אָפּגעלייענט קריאת-שמע, און בשעת זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט זי מיר אַזוי געוואָלט איר אַ קוש טאָן אין שטערן...

—אַזוי? טאַקע געוואָלט אַ קוש טאָן דער מומען? אַז איך האָב אַלעמאָל געוואוסט, אַז דו ביזט אַ גוט קינד,—האָט די מומע פאָלי געזאָגט,—און איצטער זע איך שוין דאָס באַשיינפערלעך. אַ טייער קינד, אַ הייליק קינד, אויף לאַנגע יאָר זאָלסטו זיין!

—מומע!—האָט זיך פלוצלונג אָפּגערופן סיד,—דאָס איז דאָך געוועזן נאָר אין חלום!

—וואָס איז געוועזן נאָר אין חלום?

—אָט דער קוש, וואָס טאָם האָט אייך געוואָלט געבן!

—שווייג, דו נאַר איינער!—האָט זיך מומע פאָלי באַליידיקט.—אַז דו ווייסט קיין זאַך נישט, טאָ שווייג! אַזאַ חלום איז נישט קיין קליינעקייט!

דערווייל איז שוין געוואָרן שפּעט, און צופרידענע און גליקלעכע האָבן זיך אַלע געלייגט שלאָפן. מער נישט דער קליינער סיד האָט עפּעס אַלע ווילע געוועקט טאָמען און האָט רק געפרעגט ביי אים:

—נו, און היינט חלומט זיך דיר עפּעס?—טאָם איז אָבער געשלאָפן ווי נאָך אַ חתונה, און ווען די מומע פאָלי וועקט אים נישט אויף גיין אין שול אַריין—וואָלט ער אפשר אַזוי אָפּגעשלאָפן ביז נאַכט.

—מען דאַרף גיין אין שול לערנען, מיין קינד,—האָט אים די מומע פּאָלי געוועקט.—שוין אַזוי אויך כמעט אַ וואָך צייט נישט געלערנט, פאַרשטייטס, מיין קינד?

—כ׳פאַרשטיי, מומע,—האָט זיך טאָם עטלעכע מאָל אויסגעצויגן אויפן בעט.—אודאי פאַרשטיי איך!

אַ פרישטיק האָט יענעם פרימאָרגן טאָם באַקומען אַזאַ, וואָס ער האָט אפשר קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען. אגב האָט ער כסדר גערוקט די הענט אין צוקער-פושקע און האָט געוואָרפן אין מויל גאַנצע שטיקער גאָר אָן שום מורא, מחמת ער האָט געזען און געשפּירט, אַז היינט וועט אים די מומע גאָרנישט זאָגן און וועט אים אַלץ מוחל זיין. סיד האָט אפילו געפּרובט מוסרן דער מומען, אָבער זי האָט זיך געשטאַרקט און געמאַכט נישט זעענדיק, ביז זי האָטביידע קינדער אָנגעטאָן, געגעבן מיט זיך גוטע זאַכן און אַוועקגעשיקט זיי אין שול.

—און איך,—האָט זי געזאָגט,—וועל איצטער גיין צו פרוי האַרפּער. איך מוז איר דערציילן טאָמס חלום!

סיד האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ אין דער זייט פון דער מומע פּאָלי און האָט בעת-מעשה אַ טראַכט געטאָן ביי זיך:

—„ס׳איז עפּעס מיט זיין חלום נישט גלאַט! איך גלויב טאָמען אַ האָר נישט! ווי קאָן מען דאָס אַזאַ לאַנגן חלום געדיינקען אויף אויסוויינִיק?! ס׳הויבט זיך גאָרנישט אָן—ער האט דאָס אַלץ אויסגעטראַכט, דער ליגנער!״

נאָר ס׳איז גאָרנישט, וואָס דער קליינער סיד האָט געקוקט אויף טאָמען אָן דרך-ארץ, אַבי אין שול האָט ער געהאַט כבוד אָן אַ שיעור! טאָם האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין אַנטלויפן פון דערהיים און מיטן גאַנצן טומל, וואס דערפון איז אַרויסגעקומען, האָט ער זיך פאַרשאַפט דעם נאָמען העלד אויף דור-דורות, און בשעת ער איז אַרויף אויפן הויף פון שול, האט ער זיך געהאַלטן אַזוי גרויס, אַזוי גאוהדיק, אַז קיינער פון די חברים האָט אפילו די העזה נישט געהאַט נאָענט צו אים צוצוגיין. וועגן די קלענערע תלמידים איז דאָך נישטאָ וואס צו

ריידן—זיי זיינען נאָכגעלאָפן נאָך טאָמען אויף יעדן טריט און זיי האָבן הנאה געהאַט כאָטש פון דעם, וואָס טאָם האָט זיך פון צייט צו צייט אויף זיי אומגעקוקט. נאָר אפילו די גרויסע און מער דערוואַקסענע תּלמידים און תּלמידות, האָבן זיך אויך צו זאָט נישט געקאָנט אָנקוקן אויף דעם ים-גזלן, וועגן וועלכן די גאַנצע שטאָט האָלט נאָך אַלץ אין איין ריידן און וועלכער האָט טאַקע באמת באַוויזן אַזויפיל גבורות.

געהברט האָט זיך טאָם אין דער ערשטער ווײַלע נאָר מיט דזשאָ האַרפער, וועלכער האָט זיך אויך געלערנט אין דערזעלביקער שול, און בשעת אָט די ביידע ים-גזלנים האָבן נאָך פאר די לעקציעס אָנגעהויבן שפּאַצירן איינער נעבן אַנדערן איבער די פוסטע קלאַסן—איז די קנאה פון די חברים געוועזן אַזוי גרויס, אַז קיינער האָט זיך ממש קיין אָרט נישט געפונען און יעדער איינציקער האָט כסדר געזוכט אַ געלעגנהייט, וויאַזוי צו ווערן חבר מיט טאָמען. נאָך גרעסער איז געוואָרן דער רעספּעקט צו אָט די ביידע העלדן, בשעת זיי האָבן באַלד פאַרוויכערט זייערע פאַפּיראָסן, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט פון דעם זאַמד-אינזל, און נישט איינער פון די תּלמידים האָט בעת-מעשה חרטה געהאַט, פאַרוואָס איז ער דאָס צוזאַמען מיט טאָמען נישט אַנטלאָפן פון דערהיים.

אַ ביסל שפּעטער האָט שוין טאָם אפילו יאָ געפּרובט ריידן עט-לעכע ווערטער מיט אַ פּאָר פון זיינע נענטערע חברים. ס׳איז אָבער קענטיק געווען, אַז ער טוט אַ טובה און אַז יעדע רגע קאָן ער פּלוצלונג איבעררייסן דעם שמועס. וועגן דעם מיידעלע בעקי טעטשער, צוליב וועלכער ער איז אייגנטלעך געוואָרן אַ ים-גזלן און וועלכע ער האָט פאַרן אַנטלויפן אַזוי האָלט געהאַט, האָט טאָם באַשלאָסן, אַז איצטער וועט זי זיך שוין ביי אים בעטן. „פון פאַראַכטאָגן ביז היינט—האָט טאָם בעת מעשה ביי זיך אַ טראַכט געטאָן—איז גאָר-גאָר אַ גרויסע נפקא מינה: בעקי טעטשער איז געבליבן דיזעלביקע און איך, טאָם, בין באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט!"

דערווייל איז טאַקע, אַ פריילעכע, מיט צעבליטע באַקן אַרומגע-

לאָפּן אויפן הויף פון דער שול בעקי טעטשער, וועלכע האָט זיך אַ לאַנדיקע געיאָגט נאָך אַ צווייטער חברטע און האָט זיך אין דערזעלבער צייט געסטאַרעט צו לויפן אַלץ פאַרביי טאָמען, כדי ער זאָל זי באַמערקן און אָנהויבן מיט איר ריידן. טאָם האָט זיך אָבער געמאַכט, אַזוי ווי ער זעט איר גאָרנישט און האָט מיט אַ כיון פאַרפירט אַ שמועס מיט אַ צווייטער שילערין. בעקי טעטשער איז ענדלעך מיד געוואָרן אַרומצוטאַנצן אַרום טאָמען. זי האָט זיך געשפּירט אַזוי באַליידיקט, אַז טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן, און זי איז אַ טרויעריקע אַוועקגעלאָפן אין קלאַס. טאָם האָט געוואוסט, אַז בעקי טראַכט איצטער נאָר וועגן אים, און אים האָט הנאה געטאָן, וואָס ער האָט זיך איצטער געקאָנט אָן איר נוקם זיין: ווייניק נאָך האָט זי אים דעמאָלט מצער געווען?! טאָם האָט אָבער באַשלאָסן, אַז בעת דער ערשטער הפסקה וועט ער זיך מיט איר איבער-בעטן: ער וועט מיט איר אויסריידן עטלעכע ווערטער און דאָס וועט שוין זיין פאַר איר אַ גרויסער כבוד.

טאָם האָט אָבער אַ טעות געהאַט אין חשבון: בשעת ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די הפסקה און טאָם איז אַרויס אויפן הויף, איז שוין בעקי טעטשער געזעסן אויף אַ באַנק נעבן שילער אַלפרעד און האָבן ביידע געבלעטערט אַ גרויסן בוך און געקוקט דאָרטן פאַרשידענע בילדער. טאָם איז עטלעכע מאָל פאַרבייגעגאַנגען נעבן באַנק, אָבער בעקי האָט זיך געמאַכט, אַז זי איז זייער פאַרטיפט און זי זעט אים גאָרנישט. טאָם האָט געפּרובט עטלע-כע מאָל אַ הוסט טאָן, נאָר דאָס האָט ווייניק געהאָלפן—בעקי האָט כסדר מיטן גרעסטן אינטערעס געקוקט אין גרויסן בוך און האָט פריילעך גערעדט מיט דעם שילער אַלפרעד. וועלכער האָט אגב געהאַלטן בעקין פאַר אַ האַנט.

קיין חידוש נישט, אַז טאָמען האָט די מעשה פאַרדראָסן: ווי קאָן דאָס פּאַסירן, אַז בעקי זאָל וועלן בעסער ריידן מיט אַל-פרעדן, איידער מיט אים?! אפילו פריער, נאָך איידער ער איז געווען אַ ים-גזלן, האָט אָט דער אַלפרעד ביי אים קיין שום ווערט נישט געהאַט, בפרט נאָך היינט... טאָמען האָט שוין

שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער האָט פריער אַזוי נישט פריינטלעך באַגעגנט בעקין—צופיל געעקשנט זיך און איבערגעכאַפּט די מאָס. ער האָט זיך אפילו געפרובט טרייסטן, אַז בעקי וועט זיך נאָך ביי אים בעטן—אַי וועט זי זיך נאָך בעטן! נאָר דערווייל איז אים געווען אומעטיק אויפן האַרצן און דעם גאַנצן כעס האָט ער אויסגעלאָזן צו אַלפרעדן. איצטער וועט ער אים טאַקע גאָר-נישט טאָן—ס'פּאַסט אים גאָרנישט צו האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע פּראַנטלעך! אָבער נישקשה, ער וועט אים שוין ערגעץ פּאַקן און אָט דער אַלפרעדל וועט כאַפּן אַזעלכע קלעפּ, אַז ער וועט שוין קיין תחית-המתים אויך נישט אויפשטיין! בלייבן אָבער אין קלאַס, האָט שוין טאָם מער נישט געקאָנט, ווארום דאס לערנען איז אים אַלצאייגס נישט געקראָכן מער אין קאָפּ און פאַרן לע-רער האָט ער אויך קיין מורא נישט געהאַט: ער איז דאָך עפּעס טאָם דער ים-גזלן און אַ האָפנונג, אַז קיינער וועט זיך מיט אים נישט וועלן אָנהויבן.

פאַרן אַרויסגיין פון הויף האָט טאָם זיך געקליגט און איז ווי-דער פאַרבייגעגאַנגען נעבן באַנק, וואו בעקי איז געזעסן. ער האָט באַמערקט, אַז בעקי האָט פריינטלעך אויף אים אַ קוק גע-טאָן און ס'איז געווען קענטיק פון איר, אַז זי וואַרט נאָר, טאָם זאָל צו איר צוגיין נענטער. אָבער דאָס האָט שוין טאָם ביי זיך נישט געקאָנט פועלן: ווייבאַלד זי האָט אים געקאָנט פריער אַזוי באַליידיקן, וועט ער איר שוין באַווייזן וואָס ער קאָן, און באַלד איז ער שוין פאַרשוואונדן געוואָרן הינטער'ן טויער פונם הויף.

בעקי האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און געוואַרט, אַז טאָם זאָל זיך אומקערן, און ווען דאָס האט נישט געשען, האָט זי זיך פּלוצלונג פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קול, האָט אַ וואָרף געטאָן דעם גרויסן בוך מיט די בילדער אויף דער ערד און איז אַנט-לאָפן געוואָרן. אַלפרעד האָט איר געפּרובט אָפּרייסן, אָבער זי האָט מיט גרויס רציחה אים אָפּגעשטופּט און אויסגעשריען אין אַ היסטערישן געוויין:

—גייט אַוועק פון מיר מיט אייער בוך—כ'קאָן אייך נישט אָנזען!

איז און אויגן די אויסגעווישט מעשער בעק האָט ענדלעך אַרײַן אין קלאַס. זי האָט אָבער אין די לעקציעס קיין זאַך נישט פאַרשטאַנען און זי האָט זיך בשום-אופן נישט געקאָנט מוחל זײַן, וואָס זי האָט אַזוי פאַרעקשנט אָפּגעשטופּט פון זיך טאַטען. „איך בין אַליין שולדיק — האָט זי אַלץ איבערגעחזרט פאַר זיך: איבערגעכאַפּט די מאָס...“

XIV.

אהיים האָט זיך טאָם אומגעקערט שטאַרק פאַרמרה-שחורהט.
— אמת, ער האָט געהאַט גענוג כבוד פון די חברים אין שול,
אָבער דאָס איז אַלץ גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דער מפלה,
וואָס ער האָט געהאַט פון בעקי טעטשער. טאָם האָט אפילו
כמעט אַ נדר געטאָן זיך, אַז ער וועט נעמען נקמה סיי פון
בעקין, וועלכע האָט געמאַכט אַזאַ אָנשטעל און סיי פון דעם
פראַנטל אַלפרעד, וואָס האָט אים פון דעם מיידל אָפּגעשטויסן.
אָבער דאָס האָט אים ווייניק געטרייסט, און אין שטוב איז ער
געבליבן שטיין אַן אומעטיקער ביי אַ פענסטער און האָט פון
באַליידיקונג כסדר געביסן די נעגעל פון די פינגער.
—„איך וועל זיך מיט זיי אָפּרעכענען! - האָט אין אַ היבשע ווייַלע אַרום טאָם געזאָגט צו זיך אַליין אויפן קול.—נישקשה, מיר
וועלן נאָך זען, וואָס ס'וועט זיין...“
אין דער רגע איז גראָד אַריין אין צימער די מומע פאָלי,
וועלכע האָט דערהערט טאָמס לעצטע ווערטער, און זי האָט אים
ביין אַ פרעג געטאָן:

—מיט וועמען וועסטו זיך דאָס אָפּרעכענען, האַ? דו הויבסט שוין ווידער אָן דיינע שטיק, האַ?

—כ'האָב דאָס געלאַכט, מומע.—האָט זיך טאָם געפּרובט פאַרענט-פערן.—כ'האָב דאָס גערעדט סתם אין דער וועלט אַריין...

—אָבער איך מיט דיר וועל זיך טאַקע, אויף אַן אמת אָפּרעכע-נען! כ'וועל דיר די הויט אַראָפּשינדן, יונגאַטש איינער!

—מומעלע, טייערע מומעלע, וואָס האָב איך דאָ געטאָן?—האָט זיך טאָם פאַרלאָרן און אָנגעהויבן בעטן זיך.—וואָס האָב איך געטאָן?

—שווייג, דו מיאוסער ייִנגל! געדיינק, געדיינק—כ'וועל זיך נאָך נעמען צו דיר!

—אָבער פאַרוואָס, מומעלע? ווען האָב איך געזינדיקט? כ'בין דאָך אָקאָרשט אַריין אין שטוב!

די מומע פּאָלי האָט אַ ביסל אָפּגעצויגן דעם אָטעם און ווידער מיט כעס געוואָרפן זיך אויף אים:

—ערשטנס, ווי קומסטו אַזוי פרי אַהיים, האַ? אַלע קינדער זיצן דאָך נאָך אין שול, טאָ וואָס ביזטו אַזוי גיך געקומען, האַ? דאָס איז ערשטנס, יונגאַטש איינער. און צווייטנס: זאָג מיר אָקאָרשט, דו באָדיונג איינער—דו האָסט שוין טאַקע גאָרנישט מער פון וועמען אָפּצולאַכן און פון וועמען חוזק צו מאַכן סיידן פון דיין אייגענער מומע, האַ? אָט אַזוי דאַנקסטו דאָס אָפּ דיין מומע, וואָס האָט פון דיר אַלע טאָג אַזויפיל עגמת-נפש? געדיינק זשע, יונגאַטש, געדיינק!

טאָם האָט טאַקע אויף אַן אמת אין דער ערשטער ווײַלע נישט געוואוסט, מיט וואָס ער האָט זיך דאָ היינט אַזוי פאַרזינדיקט, און ער האָט ווידער געפרעגט:

—אָבער מומעלע, וואָס האָב איך געטאָן?

—זע-זע, ס'אַראַ צדיק ער איז דאָס מיטאַמאָל געוואָרן! ער קאָן, דאַכט זיך גאָר קיין צוויי נישט ציילן און מאַכן חוזק פון אַן אייגענער מומע—דאָס קאָן ער, נישקשה!

—ווען,

—דו פרעגסט נאָך װען, האַ? װאָס האָסטו, זאָג מיר אָקאָרשט, אָנגעפּלאָנטערט נעכֿטן בײַנאַכֿט מיט דײַן חלום, האַ? װער האָט בײַ דיר געפרעגט און װער האָט דיך געבעטן אױסטראַכֿטן אַזאַ ליגן, זאָג?! אַ ײנגל זאָל דאָס נישט האָבן גאָט אין האַרצן און זאָל אַן אײגענע מומע מאַכֿן צום נאַרן—ס'איז דאָך אַזאַ מעשה נישט געהערט געװאָרן! און ס'אַראַ גלאַטינקער צינגעלע בײַ אים איז דאָס! אפשר אַ שעה אױפֿן זײגער האָט ער געצױגן די עצמות און דערצײלט, און דאָ האָט ער עפּעס פֿאַרגעסן און דאָ האָט ער זיך װידער דערמאָנט... טפֿוי זאָלסטו װערן!

—מומעלע, אַז ס'האָט זיך מיר פּאָרט געחלומט...

—דו רעדסט נאָך! איך גײ דאָך איצטער פֿון דער פֿרוי האַר-פּער, גײ איך דאָך! זאָל מיר אײנפֿאַלן, אַז טאַם װעט אָפּלאַכֿן פֿון אַן אײגענער מומע און װעט מיר דערצײלן אַזאַ מעשה. איך בין זיכער געװעזן, אַז יעדעס װאָרט איז הײליק—גײ איך אַװעק צו פֿרוי האַרפּער און דערצײל איר דעם נס מיטן חלום, ערשט יענע לאַכֿט זיך פֿאַנאַנדער און—װי אַ משוגענע האָט זי דאָך מיך אָנגעקוקט! לאָזט זיך אױס, אַז איר ײנגל, װאָס איז אױך געװעזן מיט מײַן תּנא-ברא אַ שותּף—דזשאָ, מײַן איך—האָט איר אױסגעזאָגט דעם סוד, אַז... משומד אײנער—דו ביזט דאָך גאָר דאָ אין שטוב געװעזן! אָט דאָ אונטערן שלאָפֿבאַנק ביזטו דאָך געלעגן און דו האָסט דאָך אונטערגעהאָרכֿט אַלץ, װאָס מיר האָבן דאָ דעמאָלט גערעדט! איז דאָס פֿײַן אַזױ, האַ? אָפּלאַכֿן און מאַכֿן צום נאַרן אַן אײגענע מומע—האָב איך דאָס פֿון דיר פֿאַרדינט?!

טאָם האָט זיך דערשפּירט זײער נידערגעשלאָגן. נעכֿטן, בשעת ער האָט דערצײלט דער מומע פּאָלי די אױסגעטראַכֿטע מעשה מיטן חלום, האָט ער משונה הנאה געהאַט פֿונם אײנפֿאַל. איצט אָבער, האָט ער שױן אַלײן אױך געשפּירט, אַז ער איז קעגן דער מומע באַגאַנגען אַ גרױסע עולה—ער האָט זי פּראָסט גע-מאַכֿט צום נאַרן און גאָר אומזיסט פֿאַרשאַפֿט בזיונות. טאָם האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט אַ היבשע װײַלע געשװיגן, ביז ער האָט ענדלעך אַרױסגערעדט מיט חרטה:

—מומעלע, טייערינקע, מיר פאַרדריסט איצטער זייער, וואָס כ׳האָב דאָס געטאָן. כ׳האָב זיך עפּעס נעכטן גאָרנישט באַטראַכט...

—אָט דאָס איז דאָך די מעשה,—האָט מיט אַ טיפן זיפץ געענט-פערט די מומע פּאָלי,—וואָס דו באַטראַכסט קיינמאָל נישט, וואָס דו רעדסט און וואָס דו טוסט. אָט מצער זיין און פאַרשעמען דיין אייגענע מומע—אויף דעם ביזטו דוקא אַ בריה! אפילו דיין קומען אַהער פון אינזל און דיין באַהאַלטן זיך אונטערן שלאָפ-באַנק איז דאָך אויך געווען מער נישט, כדי צו מאַכן חוזק פון דער מומען!

טאָם האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן טיש און ער האט געקוקט אויף דער מומען מיט שולדיקע אויגן, שטאַמלענדיק דערביי:

—ס׳איז נישט אַזוי, מומע, ס׳איז נישט אמת..

—וואָס איז נישט אמת?!

—אַז איך בין געקומען פון אייך אָפּלאַכן...

—טאָ צוליב וואָס ביזטו געקומען אונטערן שלאָפבאַנק?

—כ׳בין דאָס געקומען אייך באַרואיקן, מומע... איר האָט דאָך געמיינט, אַז איך בין דערטרונקען געוואָרן אין טייך.

—הלואי וואָלט איך דיר געקאָנט גלויבן—ווי גליקליך כ׳וואָלט דאָס דעמאָלט געווען! ווען איך קאָן דיר גלויבן, מיין קינד, וואָלט דאָך קיינער מיין גלייכן נישט געווען—אַזוי גוט וואָלט מיר זיין!

—ס׳איז אמת, מומעלע, ס׳איז אמת. זאָל איך געהרגעט ווערן, אויב איך זאָג ליגן!

—וואָס איז די פּעולה פון דיינע שבועות, אַז דיינע מעשים זיי-נען אַזעלכע, וואָס מ׳קאָן דיר אפילו איין וואָרט נישט גלויבן! איך וואָלט אַלץ אויף דער וועלט אָפּגעגעבן, ווען ס׳איז אמת די מעשה, אַז דו ביזט טאַקע געקומען טרייסטן דיין אומגליק-לעכע מומע.

—וואָס דאַרפט איר מער, מומע: בשעת כ׳האָב אייך דערהערט וויינענדיק, האָט ביי מיר נאָך איין האָר דאָס האַרץ נישט גע-פּלאַצט פון רחמנות און קוים-קוים וואָס איך האָב זיך איינגע-

האַלטן נישט אַרויסצוקריכן פון שלאָפּבאַנק, פאַלן אייך צו די פיס און קושן אייך און קושן...

דער שטרייגער פנים פון דער מומע פאַלי איז ביי אָט די ווערטער טאָמס באַלד ווייכער געוואָרן; אין די אויגן אירע האָט זיך באַוויזן אַ ליכטיקער פייערל פון אמתער מוטערלעכער צאַרט-קייט, און זי האָט אים איבערגעפרעגט מיט גרויס נייגיריקייט:

—האָסטו טאַקע געוואָלט מיר אַ קוש טאָן?

—זאָל איך אַזוי געזונט זיין!

—ביזטו טאַקע זיכער אין דעם?

—ווי מיר האָבן היינט מיטוואָך אויף דער וועלט!

—און פאַרוואָס האָט זיך דיר דאָס אַזוי שטאַרק געוואָלט אַ קוש טאָן די מומע?

—פאַרוואָס? גאָר פּראָסט, ווייל איך האָב אייך טאַקע זייער האָלט, מומעלע—אַ גרויל, ווי האָלט איך האָב אייך!

די לעצטע ווערטער פון טאָמען האָבן געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם און האָבן אַזוי גערירט די מומע פאָלי, אַז זי האָט פון גרויס פרייד אָנגעהויבן ווישן די אויגן פון די טרערן. זי האָט טאָמען עטלעכע מאָל אַ קוש געטאָן, געגעבן אים אַ זיסן לע-קעכל און האַרציק געזאָגט צו אים:

—נו, מיין קינד, דיינע אַלטע עבירות בין איך דיר מוחל—שוין לאַנג מוחל געווען, אָבער ווייטער זאָלסטו שוין מער קיינמאָל דיין מומע נישט מצער זיין, און דערווייל איז אַ שאָד די צייט—גיי, מיין זון, צוריק אין שול אַריין!

טאָם האָט זיך נישט געאַמפּערט און איז טאַקע באַלד אַוועק אין שול. דער אָנהויב איז דאָרטן פאַר אים געווען זייער אַ גליק-לעכער, וואָרום באַלד ווי ער איז אַרויף אויפן הויף, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף בעקי טעטשער, און ער איז פון דער באַגעגעניש געווען אויפן זיבעטן הימל. טאָם האָט קיין סך נישט געטראַכט און האָט זיך תיכף אַנטשולדיקט פאַר דעם מיידל.

—כ'בין זיך היינט באַגאַנגען מיט דיר—האָט ער זיך אָפּן מודה

געוועזן—זייער מיאוס, און כ׳האָב חרטה! איך שווער דיר, בעקי, אַז ווייטער וועט שוין דאָס מער נישט זיין—קיינמאָל וועל איך דיך שוין מער נישט באַליידיקן און... לאָמיר מאַכן שלום, ווילסטו, בעקי?

דאָס מיידל האָט אָבער אַ קוק געטאָן אויף טאָמען מיט פאַראַכטונג, האָט זיך פון אים אָפגערוקט אויף אַ היבשן מהלך און האָט מיט פאַרביסנקייט אים געענטפערט:

—כ׳וועל אייך זיין זייער דאַנקבאַר, מיסטער טאָם, ווען איר וועט מיך לאָזן צורו און—מער האָב איך מיט אייך קיין געשפרעכן נישט!

טאָם איז געוועזן אַזוי איבערראַשט פון בעקס תשובה, אַז ער האָט בעת מעשה גאָר קיין ווערטער נישט געקאָנט געפינען איר צו ענטפערן, און בשעת ער איז שוין געקומען צו זיך און געוואָלט געבן איר דעם געהעריקן ענטפער—איז שוין פון בעקי טעטשער קיין סימן נישט געוועזן: זי איז פשוט אַנטלאָפן פון אים און דערצו נאָך מיט אַ הילכיקן געלעכטער.

דאָס איז נאָך אָבער נישט גאָר—טאָם האָט נאָך אַ ביסל שפּעטער איבערגעטראָגן אַ סך אַ שווערערן נסיון, און געשען איז דאָס טאַקע ווידער צוליב בעקי טעטשער, וועלכע טאָם האָט כסדר געהאַלטן אין זוכן און ענדלעך געפונען אין לערער-צימער, וואו זי האָט...

אין לערער-צימער האָבן אייגנטלעך די תלמידים נישט געטאָרט אַריינגיין—דערפאַר פלעגט מען שטרייננג באַשטראָפט ווערן. נאָר צופעליק איז די טיר פונם דאָזיקן צימער בשעת דער הפסקה געבליבן אָפן, און בעקי טעטשער האָט זיך פאַרגעסן, אַז מען טאָר נישט און איז אַהין אַריין. וואָלט דאָס נאָך אַלץ נישט אויסגעמאַכט. ערשטנס, האָט דאָס קיינער נישט באַמערקט און, צווייטנס, וואָלט אפשר דער לערער איר גאָר מוחל געוועזן אויך—זי איז דאָך געוועזן אַזאַ פלייסיקע און אָנשטענדיקע שילערין. נאָר אין צימער איז געלעגן דעם לערערס אַ בוך, צו וועלכן קיינער האָט זיך נישט געטאָרט צורירן, און ווייל מען האָט נישט געטאָרט—האָבן די תלמידים דוקא חשק געהאַט אַהין

אַריינגעקוקט. אַז בעקי טעטשער האָט דערזען דאָס בוך, האָט זי לכתחילה געוואָלט תיכף אַרויסלויפן פון צימער, כדי ס'זאָל חלילה, אויף איר קיין חשד נישט פאַלן. אָבער זי האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן: כאָטש איין קוק, און דאָ איז פּלוצלונג אַריין טאָם אין צימער. בעקי האָט זיך אַזוי איבערגעשראָקן, אַז דאָס בוך איז ביי איר אַרויסגעפאַלן פון די הענט, דערביי האָט זיך איין בלאַט פאַרטשעפּעט ביי איר צווישן די פינגער און צעריסן. דאָס מיידעלע האָט זיך פון פאַרדרוס און פון בזיון פאַנאַנדערגעוויינט און צו טאָמען האָט זי אויסגעשריען:

—כ'האָב אַלעמאָל געוואוסט, אַז איר זייט אַ פאַרדאָרבענער ייִנגל! אונטערגנבענען זיך הינטער טיר און אויסקוקן, ווי אַ שפּיאָן— איז דאָס פיין אַזוי!

טאָם האָט זיך געפּרובט מיט גוטן פאַרטיידיקן, אַז ער האָט גאָרנישט געמיינט, אַז ער איז אַהער אַריין גאָר צוליב אַן אַנדער סיבה און אַז זי דאַרף אויף אים נישט זיין אין כעס. אָבער דאָס מיידל האָט זיך ווידער מיט טרערן אין די אויגן צעשריען:

—שעמט זיך, טאָם, איר זייט אַ שפּיאָן! איך ווייס, אַז איר וועט אויסזאָגן דעם לערער, ווער ס'האָט צעריסן דעם בוך און... קיינמאָל האָט מען מיך נאָך אין שול נישט געשמיסן און היינט וועט מען מיך שמייסן... מילא, אַז איר זענט אַזאַ פאַרדאָרבן ייִנגל—איז פאַרפאַלן: זאָל מען מיך שמייסן! אָבער געדיינקט וואָס וועט זיין! איך ווייס אויף אייך אויך עפּעס: איר האָט היינט אינדערפרי אויסגעבראָכן אַ שויב אין קאָרידאָר! וואַרט, וואַרט... איר זייט אַ פּאַסקודנער, אַ פאַרדאָרבענער יונג און...— ביי אָט די ווערטער האָט זיך בעקי טעטשער נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעוויינט און אַרויסגעלאָפן פון צימער.

טאָם איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, טראַכטנדיק דערביי, אַז אים גייט עפּעס היינט נישט. אמת, פון די תלמידים-חברים האָט ער גרויס כבוד און יעדער איינער פון זיי שעצט זיך פאַר גליקלעך, בשעת טאָם רעדט אויס מיט זיי אַ וואָרט. אָבער וואָס איז די פעולה דערפון, אַז פון אינדערפרי אָן האָט ער שוי-

געהאַט אַזויפיל מפּלות און ווי ס'שיינט, וועט זיך נאָך דער היינטיקער טאָג פאַר אים ענדיקן מיט אַ ביטערן סוף. אגב האָט זיך טאָם געפּרובט דערמאָנען, ווען האָט ער דאָס היינט צע-בראָכן אַ שויב אין קאָרידאָר—אַז ער איז, דאַכט זיך, גאָר אין קאָרידאָר נישט געוועזן! ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז בעקי וויל זיך אָן אים נוקם זיין און האָט אויסגעטראַכט אויף אים אַ בלבול. אָבער טאָם פון זיין זייט האָט פונדעסטוועגן וועגן זיך נישט געטראַכט: וואָס קאָן מער זיין—וועט מען אונז אָפּשמייסן! און ער האָט כסדר געלייגט רחמנות אויף בעקין, וועלכע וועט היינט געוויס באַקומען אַ שטרייגנגע שטראָף, פאַרוואָס זי האָט אומגערן און גאָרנישט ווילנדיק צעריסן דעם לערערס בוך. פאַר לאַנגע מחשבות איז שוין אָבער קיין סך צייט נישט געבליבן—באַלד האָט זיך דערהערט אַ קלינגען פון אַ גלעקל און די תּלמידים זיינען זיך האַסטיק צוזאַמענגעלאָפן אין די קלאַסן.

די ערשטע זאַך האָט טאַקע דער לערער אָנגעהויבן אַן אויס-פאָרשונג וועגן דער צעבראָכענער שויב אין קאָרידאָר, און הגם געטאָן האָט דאָס גאָר דער תּלמיד אַלפרעד, וואָס איז אינדער-פרי אַזוי פריינטלעך געזעסן צוזאַמען מיט בעקי טעטשער—האָט פונדעסטוועגן די שמיץ באַקומען טאָם, מחמת אַלע האָבן גע-לייקנט און טאָם האָט געשוויגן. פאַרוואָס האָט טאָם נישט גע-שריען, אַז ער איז נישט שולדיק? ערשטנס, איז ער געוועזן אַ צו גרויסער בעל-גאוה און אים האָט נישט געפּאַסט צו באַווייזן, אַז ער האָט טאַקע אַזוי מורא פאַר שמיץ. צווייטנס, האָט טאָם אַלץ געהאָפט, אַז אין לעצטן מאָמענט וועט בעקי טעטשער מסתמא אויסזאָגן און אָנווייזן דעם אמתן שולדיקן, וואָרום זי ווייס דאָך, אַז ער האָט די שויב נישט צעבראָכן. אָבער דאָס האָט נישט געשען. אין האַרצן האָט טאַקע דאָס מיידעלע שטאַרק רחמנות געהאַט אויף טאָמען; פאַרוואָס קומט דאָס אים צו ליידן פאַר פרעמדע זינד? אָבער דער געדאַנק, אַז טאָם וועט געוויס אויסזאָגן באַלד, אַז דאָס האָט זי צעריסן דעם לערערס בוך, אַז מען וועט איר שמייסן און טאָם וועט געוויס דערפון הנאה

האָבן, האָט פול געמאַכט איר מיידלש האַרץ מיט נקמה—זאָל מען כאָטש טאָמען אויך שמייסן און דאַן וועט ער זיך כאָטש אַזוי נישט קאָנען פרייען אויף איר מפּלה.

טאָם האָט זיך אודאי געשפּירט זייער באַליידיקט: אַזאַ העלד ווי ער, אַן אמתער ים-גזלן, וואָס האָט אויפגערודערט כמעט די גאַנצע שטאָט—זאָל מען באַלד דעם ערשטן טאָג מכבד זיין מיט שמיץ. אָבער גאָרנישט—ער איז שוין זיינס אָפּגעקומען און מיטן אמתן שולדיקן, וואָס האָט זיך אַרויסגענאַרט פון דער שטראָף, מיט אַלפרעדן—וועט ער זיך שוין אָפּרעכענען אַן אַנדערש מאָל.

דאָס האַרץ האָט אים איצט נאָר געציטערט פאַר בעקין: טאָמער כאַפּט זיך דער לערער איצט צו זיין בוך—וועט זי דאָך געוויס מוזן היינט באַקומען שמיץ! אמת, זי איז נישט ווערט, ער זאָל זיך פון אירטוועגן מצער זיין—קעגן אים האָט זי היינט געהאַנדלט גאָר-גאָר נישט פיין! נאָר אַז טאָם האָט פון דערווייטנס דערזען דאָס דערשראָקענע געזיכט פון בעקי טעטשער און אַז אירע אויגן זיינען פול מיט טרערן—האָט ער וועגן זיינע אייגענע צרות אינגאַנצן פאַרגעסן און האָט נאָר געטראַכט, וויאַזוי און אויף וואָס פאַר אַ אופן אַרויסצוראַטעווען בעקין. דערווייל האָט טאַקע דער לערער גענומען דאָס בוך, וואָס בעקי טעטשער האָט אָקאָרשט צעריסן, צו זיך אין די הענט אַריין. אים איז אויף אַ רגע איינגעפאַלן אַ געדאַנק, הגם זייער אַ געפערלעכער, אַז ער וועט אַ שפּרונג טאָן איבער די באַנק גלייך צום לערער, וועט ביי אים פון די הענט אַרויסרייסן דאָס בוך און וועט אַנטלויפן מיטן ספר וואו די אויגן וועלן אים טראָגן, אַפילו בעקי טעטשער וועט שוין דעמאָלט געוויס זיין באַוואָרנט סיי פון בזיונות און סיי פון שמיץ. אָבער טאָם האָט זיך עטוואָס צולאַנג וועגן דעם מישב געווען—אויף איין סעקונדע האָט ער פאַרזאַמט, מחמת דער לערער האָט דערווייל אַן עפן געטאָן דאָס בוך און תיכף באַמערקט דעם אומגליק. „שוין שפּעט—האָט טאָם מיט האַרצווייטאָג אַ טראַכט געטאָן—איצטער איז שוין פאַר בעקין קיין ישועה נישטאָ!” און דער לערער האָט טאַקע באַלד אויפגעהויבן זיינע שטרענגע ברעמען, האָט מיט רציחה געוואָרפן

אַ בייזן קוק אויף דעם גאַנצן קלאַס תּלמידים און תּלמידות און האָט ענדלעך אַרויסגעבראָכט:
—ווער האָט עס צעריסן דעם בוך?!
אין קלאַס האָט אָבער געהערשט אַ טויטע שטילקייט—די שילער האָבן אפילו זייער אָטעם איינגעהאַלטן פון גרויס אימה. דער לערער האָט נאָכאַמאָל מיט דערזעלבער ברומעריי איבערגעחזרט:

—ווער האָט צעריסן דאָך בוך, האַ?
קיין ענטפער האָט זיך אָבער פון קיין זייט נישט געהערט, און דעם לערער איז קיין אַנדער ברירה נישט געבליבן, ווי אָנצו־רופן יעדן תּלמיד ביים נאָמען און אַריינקוקן יעדן באַזונדער אין פנים אַריין.
—בענעדיקט ראָדזשער, צי האָסטו צעריסן דאָס בוך?
—ניין.
—דזשאָ האַרפער—דאָס האָסטו געטאָן?
—נישט איך!
—גרעטי מילער, אפשר דו?
ווידער אַ תּשובה אויף ניין, און טאָם ווערט דערווייל אַלץ אומ־רואיקער: ס'וועט דאָך מוזן קומען באַלד צו בעקי טעטשער און דער אמת וועט זיך דאָך דערגיין, ווייל דער לערער וועט גע־וויס באַלד דערקענען אויף איר אומגליקלעכער צורה.
מיטן זעלבן סדר האָט דער לערער אויסגערופן נאָך אַ גאַנצן צענדליק תּלמידים, ביז טאָם האָט ענדלעך דערהערט:
—בעקי טעטשער... אפשר איז דאָס גאָר דיין אַרבעט, האַ?
טאָם האָט פונדערווייטנס דערזען איר אומגליקלעך געזיכט און אים האָט בעת מעשה אָנגענומען אַזאַ רחמנות אויף דעם מיי־דעלע, אַז ער האָט זיך תּיכּף אַ הויב געטאָן פון אָרט און תּויך אויסגעשריען:
—דאָס האָט געטאָן טאָם!... איך האָב צעריסן דאָך בוך!
ס'האָט קיין סך נישט געדויערט און טאָם האָט באַקומען זיי־פּאַרציע שמיץ און נאָך מיט א צוגאָב, מחמת דער לערער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט גאָרנישט געוואָלט אויפ־

הערן שמייסן. טאָם האָט אָבער כמעט גאָר קיין ווייטאָג און אפילו קיין בזיונות נישט געשפּירט, ווייל ער האָט פונדערווייטנס גוט געזען די ליבלעכע דאַנקבליקן, וואָס בעקי טעטשער האָט אויף אים געוואָרפן. ס'האָט אים אויך נישט געקימערט, וואָס מ'האָט אים נאָך די לעקציעס פאַרשפּאַרט אויף גאַנצע צוויי שעה אין אַ פינסטערן חדר, וואָרום דאָס האַרץ האָט אים געוואָגט, אַז ערגעץ אויפן הויף וואַרט געוויס אויף אים בעקי טעטשער. און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. ווען בעקי האָט אים דערזען, האָט זי נאָר אויסגעשריען:

—דו ביזט דער בעסטער אויף דער גאַנצער וועלט!

# XI.

טאָמס שיינע פּלענער און גוטע האָפנונגען זייגען נישט מקוים געוואָרן. ערשטנס, האָט ער נישט געקאָנט נקמה נעמען פון זיין ערגסטן שונא אַלפרעד, צוליב וועלכן ער האָט דעם לעצטן מאָל באַקומען אומזיסטע שמיץ. צווייטנס, האָט ער זיך אַזוי גיך נישט געקאָנט טרעפן מיט בעקי טעטשער, פון וועמענס וועגן ער האָט זיך אָקאָרשט אַזוי מוסר-נפש געוועזן.

אין אָוונט פון דעמזעלבן טאָג, ווען טאָם האָט איבערגעלעבט אָן אַ שיעור מפּלות און האָט כסדר געטראַכט, וויאַזוי ער דאַרף זיך נוהג זיין מאָרגן גאַנץ פרי, האָט די מומע פּאָלי באַמערקט, אַז ער איז עפּעס רויטלעך אין די באַקן. זי האָט אים אַ טאַפּ געטאָן ביים שטערן און באַלד געפּסקענט, אז דער ייגגל איז נישט געזונט. טאָם האָט זיך אפילו אויסגעלאַכט פון דער מומעס דאָקטאָריע, און כדי צו דערווייזן, אַז ער איז געזונט אויף אַלע אברים, האָט ער אין אַ ווילע אַרום פאַרפירט אַ מחלוקה מיטן קליינע ברודערל סיד, וועלכן ער האָט גוט אָנגעשלאָגן און האָט זיך אויף אַ גאַנצע שעה אייט באהאלטן אויפן הויף—די מומע

זאָל זיך מיט אים דערפֿאַר נישט אָפּרעכענען אויף איר שטיי־גער. אָבער אינדרויסן האָט ער אַליין אויך דערשפּירט, אַז עפּעס איז אים הייס און קאַלט אין אַלע אברים, אין אַריינגנבע־נענדיק זיך שטילערהייט אין שטוב, האָט ער זיך טאַקע באַלד אויסגעטאָן און איז אַזוי אָפּגעלעגן דריי וואָכן נאָכאַנאַנד.

אפֿילו קראַנקערהייט, בשעת טאָם פֿלעגט נאָר אַ ביסל קומען צו זיך, האָט ער זיך תּיכּף די ערשטע זאַך דערמאָנט אי אָן זיין שונא אַלפֿרעדן, אי אָן זיין געליבטער בעקין. אָבער ליגנדיק אין בעט, קאָן מען דאָך קיין זאַך נישט אויפֿטאָן—האָט ער אַלץ אָפּגעלייגט אויף דער צייט, ווען ער וועט שוין ווידער קאָנען באַווייזן זיך אויף דער ווייסער וועלט.

אמת, ביי טאָמען האָט איר געפֿועלט אַראָפּצושפּרינגען אפֿילו מיט היץ, וואָרום נאָך זייענדיק אַ שטאַרקער חולה, האָט ער כּסדר אַלץ געשריען און געטענהט:

—מומע, מיר טוט שוין קיין זאַך נישט וויי—כ׳וויל אויפֿן גאַס!

אויף צו להכעיס זיינען די וועטערן דאַן געוועזן זייער שיינע און זוניקע, און טאָמען האָט יעדער טאָג אויסגעזען ווי אַ יאָר. אָבער די מומע האָט זיך נישט געלאָזט פֿאַרפֿירן און האָט אים מיט געוואַלד און מיט כּוח איינגעהאַלטן אין בעט גאַנצע דריי וואָכן. ס׳וואָלט נאָך פֿונדעסטוועגן אַלץ נישט געוועזן צו שפּעט, וואָרום אַלפֿרעדן האָט נאָך טאָם אַלץ גענוג שטאַרק פֿיינט גע־האַט און בעקי טעטשער האָט ער נאָך אַלץ גענוג האָלט געהאַט. אָבער ס׳איז טאָמען נישט באַשערט געוועזן קיין שמחות, און אַרויסגייענדיק צום ערשטן מאָל אין גאַס, האָט ער זיך דער־וואוסט צוויי בשורות און ביידע נישט קיין גוטע. ערשטנס, קאָן ער פֿון אַלפֿרעדן מער קיין נקמה נישט נעמען, ווייל אַלפֿרעד איז שוין גאָר מער אויף דער וועלט נישטאָ: אַלפֿרעד איז פֿאַר דער צייט אויך קראַנק געוואָרן און טאַקע אַוועקגעשטאָרבן, און בעקי טעטשער—זי לעבט אפֿילו, אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז זי געפֿינט זיך איצטער נישט אין איין שטאָט מיט אים—זי איז גאָר אַוועקגעפֿאָרן אויף זומער־אָפּרו צו אירן אַ פֿעטער ערגעץ

ווייט-ווייט, וואוהין מ׳קאָן צופוס נישט אַוועקגיין.
קיין כעס אויף אַלפרעדן האָט שוין טאָם מער נישט געטראָגן. פאַרקערט, טאָם האָט געפונען, אַז שטאַרבן איז שוין אַ ביסל אַ צו גרויסע שטראָף פאַר אַלפרעדן, און צייטנווייז האָט זיך טאָמען געדאַכט, אַז ווער ווייס—אפשר איז אַלפרעד באַשטראָפט געוואָרן פון דעם אויבערשטן טאַקע פאַר זיין זינד קעגן אים, און טאָמען האָט אפילו פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער האָט זיין שונא נישט מוחל געווען די עבירה—דאַן וואָלט אפשר אַלפרעד ניצול געוואָרן פון מלאך-המות.
—דו ווייסט, מומע פאָלי,—פלעגט זיך ביי טאָמען אָפטמאָל גאָר נישט ווילנדיק אַרויסרייסן,—איצטער זע איך, אַז מען טאָר אויף קיינעם לאַנג קיין שנאה נישט טראָגן.
—פונוואַנען זעסטו דאָס, מיין קינד?
—איך ווייס, וואָס איך רייד, נאָר דערציילן וויל איך נישט...

נאָכמער אָבער האָט אים פאַרדראָסן, וואָס בעקי טעטשער איז אַוועקגעפאָרן דוקא, בשעת ער איז געווען קראַנק, דערביי האָט ער פאַר זיך כסדר געטראַכט, אַז מיידלעך זיינען זייער נישט קיין דאַנקבאַרע באַשעפענישן: ער האָט אונטערגעשטעלט זיין פּלייצע, בשעת זי איז געווען אין אַזאַ סכנה און צום סוף איז זי אפילו נישט געקומען אים געוואָר ווערן און זיך זעגענען מיט אים!
דאָס אַלץ האָט אָנגעוואָרפן אַזאַ מרה-שחורה אויף טאָמען, אַז ער האָט פאַרלאָרן דעם חשק צו אַלץ אין דער וועלט, און מחמת אין שול איז מען שוין נישט געגאַנגען מער צוליב די קאַניקולן, פלעגט טאָם גאַנצע טעג אָפּזיצן אין שטוב, טאַקע ווי ער וואָלט גאָר קיין צוויי נישט געקאָנט ציילן. די מומע פאָלי איז אודאי געווען צופרידן, וואָס טאָם איז געוואָרן אַזאַ שטי-לענקער—זי האָט נאָך פון אים קיינמאָל אַזויפיל נחת נישט גע-האַט. זי איז שוין אָבער געווען אַזוי אָנגעשראָקן, אַז זי האָט זיך אַלע טאָג געשראָקן—טאָמער וועט טאָם באַלד ווידער בא-ווייזן עפּעס פון זיינע קונצן

און ווי דאָס האַרץ וואָלט איר געזאָגט, דער מומע פֿאָלי. אײנ-מאָל, אין אַ שײנעם זומער-פֿרימאָרגן, קומט זי אַרײן אין דעם קינדערשן שלאָפֿצימער און—נישטאָ טאָם! די מומע האָט אים געפֿרובט זוכן אויפֿן הויף, אין גאָרטן, אויפֿן גאַס, בײ די שכנים—קײנער װײס נישט װעגן אים! די מומע האָט אויפֿגע-װעקט דעם קלײנעם סידן מיט קולות:

—װאו איז טאָם, האַ?

—כ׳װײס נישט.

—איר שלאָפֿט דאָך בײדע אין אײן צימער—װיאַזוי װײסטו דאָס נישט?

—איך װײס נאָר, אַז נעכטן האָט טאָם קײן קריאת-שמע נישט געלײענט—אָט דאָס װײס איך!

—פֿונװאַנען װײסטו דאָס?

—כ׳האָב אים געפֿרעגט: טאָם, פֿאַרװאָס זאָגסטו נישט די תּפֿילה?—האָט ער מיר געגעבן אַ קניפּ אין פּוס... אָט-דאָ—ס׳טוט מיר נאָך איצטער אויך װײ, און מער װײס איך גאָרנישט!

די מומע פֿאָלי האָט אפֿילו אין האַרצן געװאוסט, אַז קײן סיבה האָט מיט איר טאָמען נישט געטראָפֿן, אַז ער לעבט געװיס און איז אודאי געזונט אויף אַלע אברים—זי קען דאָך שוין עפּעס איר טאָמען. אָבער זי איז אים דאָך אַ מוטער און ער איז דאָך אַזױ אײנגעבאַקן אין האַרצן, טאָ װיאַזױ איז ער דאָס איר כּסדר אַזױ מצער?! זי האָט זיך אַלײן און דעם קלײנעם סידן געפֿרובט טרײסטן, אַז ס׳איז גאָרנישט, אַז טאָם, הגם ער איז טאַקע אַ גרױסער באָד-יונג און אַ שטיפֿער, איז בטבע אַ טײער קינד, און דאָס, װאָס ער האָט נעכטן פֿאַרן שלאָף קײן קריאת-שמע נישט געלײענט, איז אױך נישט פֿון צעלאָזנקײט, נאָר מער נישט פֿון שטיפֿערײ און אַז באַלד, נאָך אַ װײלע, שפּעטסטנס אין אַ שעה אַרום, װעט שױן טאָם געװיס זײן אינדערהײם.

—אַז איר שמײסט אים מיט אַ קלײנעם ריטעלע,—האָט זיך דער קלײנער סיד אַרײנגעמישט.—אַ גרױסן װערט האָט דאָס בײ טאָ-מען! אים האָט מען געדאַרפֿט שמײסן מיט אַ גראָבן קאַנטשיק.

וואָלט ער ווייטער געוואוסט, ווי צו קנייפּן זיך אין פּוס!
—שווייג, דו קליינער פּיזשיק!—איז די מומע אין כּעס געוואָרן.— טאָמער איז טאַם אַ ווײַלע אַרויס פון שטוב, דאַרף מען אים שמייסן, וואָס? נישט דיין זאַך, דו הערסט, קליינער!?
די מומע פּאָלי האָט שוין אָבער מער קיין געדולד נישט געהאַט איינצוזיצן אין שטוב, און אַריבערדעקנדיק זיך מיט אַ טוך אי־בער די פּלייצעס, איז זי אַרויס אין גאַס באַגעגענען איר טאָ־מען. אָבער זוך אַהער, זוך אַהין—ס'איז פון אים קיין סימן נישטאָ, און ערשט אויף אַ דריטער גאַס האָט זי זיך דערוואוסט, אַז אַהוּץ טאָמען איז היינטיקע נאַכט פאַרשוואונדן געוואָרן אויך נאָך אַ יינגל, און וויבאַלד זאַלבענאַנד, איז שוין די געפאַר נישט אַזוי גרויס. אגב האָט די מומע פּאָלי, קומענדיק באַלד אַהיים, שוין געפונען דאָרטן טאָמען אַן איינגעשמירטן אין שמוץ און אין בלאָטע, און ס'איז איר תּיכּף אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

—וואו ביזטו דאָס אַזוי פרי געגאַנגען, מיין קינד?—האָט אים די מומע פּאָלי מיט גוטן געפרעגט.—האָסט דאָך נאָך אפילו קיין קאַווע נישט געטרונקען!
—כ'בין אין ערגעץ נישט געווען,—האָט טאָם געשטאַמלט.— אָקאָרשט אַרויס אויף אַ ווײַלע אויפן הויף...
—זע, ווי דו ביזט פאַרשמירט—וואו האָסטו זיך דאָס געוואַלגערט?

—גאָרנישט... כ'האָב זיך נאָר אויסגעגליטשט און געפאַלן.
—באַהיט זאָל מען ווערן—אַלע ניסים טרעפן רק מיט אים!
—ער האָט נעכטן פאַרן שלאָף קיין קריאת-שמע אויך נישט גע־לייענט!—האָט זיך ווידער סיד אַריינגעמישט.—און ער האָט מיר נאָך אַ קניפּ געטאָן אין פוס אָט-דאָ-אָ...
טאָם האָט אים אַ סטראַשע געטאָן מיט אַ פינגער, וואָס ס'האָט באַטייט, אַז ער וועט זיך שפּעטער אָפּרעכענען מיטן קליינעם, און די מומע איז אַרויס פון צימער, טראַכטנדיק ביי זיך, אַז ביז וואַנען טאָם וועט אונטערוואַקסן, עלטער ווערן און פאַרלאָזן זיינע יינגלשע שטיק—וועט זי נאָך פון אים האָבן גענוג עגמת־

נפש איבערצוטראָגן. נאָר אַבי ער איז, גאָט צו דאַנקען, אין דערהיים, וואָרום זי האָט שוין גאָר קיין כּוח נישט נאָכצולויפן נאָך אים און כּסדר צו ליגן אין לייטישע מיילער.

אָבער ס'איז נאָר אַריבער איין מעת־לעת, און ווידער דאַרף זי אַרומלויפן איבער די גאַסן זוכן טאַמען. זי האָט זיך אפילו אַליין געפּרובט טרייסטן, אַז אָט־אָט און טאָם וועט מסתּמא ווידער אַריינגיין—טאַקע אַזוי ווי נעכטן. אָבער ס'איז דאָך אַ פּלאָדיקע מעשה: וואו פאָרט ווערט דאָס דער יינגל פאַרפאַלן אַלע פרי־מאָרגן? אמת, איידער די מומע האָט זיך צוגעקליבן אים צו גיין זוכן, איז שוין טאָם ווידער געווען אין שטוב און ווידער מיטן זעלבן תּירוץ: צוקאָרשט איז ער אַרויס פון שטוב—אַ ווײַלע אויפן הויף געווען... נאָר די מומעס האַרץ האָט זיך פאָרט נישט געקאָנט באַרויקן: צי האָבן אויפן קינד נישט באַקומען, חלילה, אַ שליטה די נישט־גוטע, וואָס פירן אים מיט גוואַלד אַרויס פון בעט און מאַטערן אים נעבעך—אפשר גאָר פאַר אירע עבירות?

די מומע פּאָלי האָט דעם יינגל אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע, האָט אים איינגעבונדן אַ בינטל זאַלץ אין העמד, האָט אים אויסגערייכערט מיט אַלערליי מינים קרייטעכער און גראָזן, און נאָכדעם ווי זי האָט דערמוזלבן טאָג געשטעלט אַ ליכט פאַר זיין מאַמעס נשמה און פאַר די נשמות פון די הייליקע אבות און אמהות, האָט די מומע געהאָפט און געגלויבט, אַז מער וועט שוין די סיבה נישט טרעפן און אַז ס'וועט שוין זיין אַ סוף צו די צרות.

אָבער אויף איבערמאָרגן ווידער די זעלביקע מעשה—ער איז נישטאָ אין בעט, און איידער זי דערוואַרט זיך צו זען טאָמען, גייט איר ממש די נשמה אַרויס. די מומע האָט נישט געזשאַלעוועט אָנצוצינדן נייע ליכט, האָט אים ווידער געריכערט און געגעבן טרינקען כּל המינים רפואות, וואָס זי האָט אַליין אויסגעקאָכט פון בעזים־בלעטלעך. נאָר געהאָלפן האָט דאָס אַלץ דערווייל ווייניק—אַ וואָך צייט נאָכאַנאַנד איז טאָם ווי דורך אַ בישוף כּסדר פאַרשוואונדן געוואָרן בייטאָג און אומגעקערט האָט

ער זיך אַלע פרימאָרגן אויסגעשמירט און איינגעטונקט אין בלאָטע פון אויבן ביז אַראָפּ.

וואו פאָרט ווערט דאָס טאָם אַלע נאַכט פאַרפאַלן? מען וואָלט דאָס אפשר קיינמאָל נישט דערגאַנגען, ווען נישט דער קליינער סיד, וועלכער האָט זיך אַ נדר געטאָן, אַז ער מוז איינמאָל אַ גאַנצע נאַכט נישט שלאָפן און נישט אַנדערש דערוויסן זיך, וואוהין טאָם שפּאַצירט דאָס אַוועק אין מיטן נאַכט. סיד האָט שוין דאָס לאַנג געוואָלט טאָן, אָבער וואָס איז ער שולדיק, אַז אים הויבן זיך אָן קלעפּן די אויגן, ער ווערט אַנטשלאָפן און הערט קיין זאַך נישט!! נאָר איינמאָל האָט דער קליינער סיד פאָרט גובר געווען דעם שלאָף — ער האָט פּשוט מיט די פינגער געריסן די אויגן זיינע, זיי זאָלן זיך נישט פאַרמאַכן, און פּלוצלונג האָט ער טאַקע דערהערט אַ פייף אונטערן פענסטער. סיד האָט זיך לכתחילה געוואָלט אַ הויב טאָן, כדי צו זען דורכן פענסטער ווער דאָס פייפט. אָבער, ערשטנס, האָט ער טאַקע אַ ביסל מורא געהאַט, וואָרום בעת-מעשה האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן אַלע אברים פון שרעק און די ציינער אין מויל האָבן אים אָנגעהויבן קלאַפּן, אַז ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו מאַכן קיין קולות. צווייטנס, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מיט דעם וועט ער קאַליע מאַכן די גאַנצע שפּיל, וואָרום דאַן וועט דאָך טאָם שוין געוויס נישט ענטפערן. האָט זיך דער קליינער סיד געמאַכט אַ האַרץ — און שאַ-שטיל! האָט ער זיך טאַקע דערוואַרט. בשעת פון הינטער'ן וואַנט האָט זיך דערהערט דער דריטער פייף, איז טאָם פאַמעלעך אַראָפּ פון בעט, האָט אָנגעטאָן די שיך, האָט פאָרזיכטיק געעפנט די פענסטער און — ער איז שוין געווען אויף יענער זייט!

דעם גאַנצן אמת אָבער האָט מען זיך דערוואוסט ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום, שוין נאָכדעם, ווי טאָם האָט אויפגעהערט צו קריכן ביינאַכט דורכן פענסטער און איז געשלאָפן ביז שפּעט אין טאָג אַריין. און אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז מיט אַ וואָך צוריק איז טאָמען איינגעפאַלן אַ מחשבה, אַז ער מוז ווערן רייך! ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז אָן געלט איז אַ ייִנגל גאָר קיין מענטש נישט,

אַז איידער ער באַקומט אַמאָל פון דער מומע פּ..לי אַ סענט, דאַרף ער אפשר צען טעג נאָכאַנאַנד פריער ביי איר בעטן רחמים און צום סוף—וואָס קאָן מען אויפטאָן פאַר אַ סענט? ווען ער האָט געלט, וואָלט ער שוין געוואוסט וואָס צו טאָן, נישקשה! ער וואָלט, ערשטנס, געקויפט אַ שאַרפן מעסערל—אַזאַ שאַרפן, אַז מ'זאָל אפילו מיט אים קאָנען ראַזירן האָר; ער וואָלט גע-קויפט אַן אמתן ביקסל מיט פּיסטאָנעס און וואָלט געשאָסן דע-מאָלט אויף רעכטס און אויף לינקס; ווייטער וואָלט ער געקויפט אַ זייגער מיט אַ קייט, און אַלע ייִנגלעך, אפילו גרויסע מענטשן, וואָלטן כסדר ביי אים געפרעגט, וויפיל ס'איז איצטער דער זייגער. דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע קניות, וואָס ער וואָלט געמאַכט, האָבנדיק כאָטש אַ ביסל געלט. ווען דער אויבערשטער העלפט אים אָבער און ער ווערט טאַקע אַן אמתער גביר מיט אַ סך געלט—וואָלט ער אַחוץ דעם געקויפט אַן אייגענעם פערד, אַן אייגענעם וועלאָסיפּעד, אַן אייגענע שיף און ער וואָלט דעמאָלט געלעבט, ווי אַן אמתער פּרינץ אָדער ווי אַ לאָרד. אגב וואָלט ער שוין מיט געלט געפונען אַ מיטל, וויאַזוי אָוועקצופאָרן אַהין ווייט, וואו ס'געפינט זיך איצטער בעקי טעטשער מיט אירע עלטערן אויף דאַטשע, און זי וואָלט אים שוין דאַן געוויס באַ-געגנט מיטן גרעסטן רעספּעקט.

וויאַזוי אָבער קריגט מען געלט און וויאַזוי ווערט מען דאָס מיטאַמאָל רייך? דאָ האָט זיך טאָם אָנגעהויבן דערמאָנען אַלץ, וואָס ער האָט זינט ער לעבט געהערט פון גרויסע און פון קליי-נע, פון מאַנסביל און פון ווייבער און דער עיקר פון זייער אייגענעם דינער, וועגן באַהאַלטענע אוצרות, וועלכע געפינען זיך אין דער ערד און וועלכע מען דאַרף נאָר קאָנען אויסזוכן. אָבער אַזאַ זאַך קאָן מען איינער אַליין נישט מאַכן—דאָ מוז מען אַרבעטן לכל-הפּחות זאַלבעצווייט, און טאָם איז אַוועק זוכן צו זיך אַ שותף, וואָס וועט מסכים זיין אַוועקלאָזן זיך זוכן אַן אוצר. דאָס רוב חברים אָבער, וועמען ער האָט אויפגעגעבן דעמדאָזיקן פּלאַן, האָבן זיך געמוזט דערפון אָפּזאָגן. נישט דער-פאַר, חלילה, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט רייך ווערן און אויך

נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן אפשר נישט געגלויבט, אַז אוצרות וואַלגערן זיך אומעטום און אַז מען דאַרף זיי נאָר קאָנען אויסגראָבן. די ייִנגלעך האָבן זיך אַנטזאָגט פון דעם פּלאַן מיט גרויס האַרצווייטאָג מער נישט דערפאַר, וואָס אַן אוצר דאַרף מען זוכן און גראָבן סיידן ביינאַכט, בשעת ס׳איז פינסטער און בשעת קיין לעבעדיקער נפש איז נישטאָ אויפן גאַס, און אַלע ייִנגלעך האָבן מורא געהאַט פאַר זייערע טאַטעס און מאַמעס, אַרויסצוגנבֿענען זיך אינמיטן דער נאַכט פונדערהיים. אמת, טאָם האָט זיי אפילו געגעבן צו פאַרשטיין, אַז בשעת זיי וועלן זיך דערנאָך אומקערן אַהיים מיטן אוצר, וואו ס׳וועלן זיך געפינען גאָלד מיט זילבער מיט בריליאַנטן מיט רענדלעך און טייערע שטיינער—וועלן זיי דאַן זיין אָנגעלייגטע געסט ביי זייערע טאַטעס און מאַמעס און מ׳וועט זיי אפילו קיין שלעכט וואָרט נישט זאָגן. אָבער נאָך אַלעמען האָבן זיך קיין בעלנים נישט געפונען, הגם דער חשק צו אַן אוצר איז ביי אַלעמען געווען אָן אַ שיעור גרויס און די אמונה, אַז מ׳קאָן אַזאַ אוצר געפינען—נאָך גרעסער.

דערפאַר אָבער האָט זיך קיין סך נישט געלאָזן בעטן העקלבערי, וועלכער איז שוין אַמאָל געווען אַ שותף מיט טאָמען אין דער רויבער-באַנדע. העקלבערי האָט, צום גליק, נישט געהאַט קיין טאַטן און קיין מאַמען—ער איז אַ קיילעכדיקער יתום נאָך פון קינדווייז אָן—וואָס ער וויל, קאָן ער טאָן!

—וואו אָבער, רעכנסטו, וועלן מיר דאָס גראָבן דעם אוצר?—האָט העקלבערי מיט גרויס אינטערעס און מיט אויסגעשטעלטע אויגן געפרעגט.

—אָט פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר,—האָט טאָם מעשה מבין געענטפערט.—אין די זאַכן ווייס איך שוין אַלץ, וואָס מען דאַרף.

—אָבער אַן אוצר קאָן מען דען גראָבן, וואו מ׳וויל?

—דאָס נישט, אָבער אוצרות זיינען פאַראַן געווענ—מען דאַרף נאָר נישט זיין קיין שרעקעדיקער און מען דאַרף זיך ניעט פוילן, פאַרשטייסט?

—איך פֿאַרשטיי, -האָט העקעלבערי געענטפֿערט.—כ׳וואָלט נאָך וועלן וויסן, צי דאָס קאָן מען גראָבן, וואו מען וויל, אָדער ס׳זיינען פֿאַראַן באַשטימטע ערטער, וואו די אוצרות ליגן באַהאַלטן.

—נישט אומעטום...

—און ווער לאָזט דאָס איבער אַן אוצר, אַז פֿריעמדע זאָלן אים דערנאָך קאָנען אויסגראָבן און צונעמען פֿאַר זיך?

—פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט קיין תּלמידים פֿון אונזער שול! אַזעלכע יינגלעך, ווי מיר, האָבן קיין געלט נישט—טאָ וואָס וועלן מיר פֿאַרגראָבן? אויך מענטשן באַלעבאַטים האַלטן זייער צירונג און בריליאַנטן ביי זיך, פֿאַרשטייסטו?

—כ׳פֿאַרשטיי, אָבער ווער פֿאָרט לאָזט דאָס איבער אין דער ערד גאָלד מיט זילבער?

—גזלנים! זיי האָבן מורא צו טראָגן ביי זיך—פֿאַרגראָבן זיי דאָס ערגעץ אין דער ערד און...

—פֿאַרוואָס נעמען זיי דאָס שפּעטער נישט צו?

—פֿאַרשטייסטו מיך, די גזלנים האָבן אַזויפֿיל אוצרות, אַז זיי פֿאַרגעסן שפּעטער אַליין, וואו זיי האָבן דאָס באַהאַלטן—בלייבט דאָס ליגן!

—די וועלט איז דאָך אָבער אַזוי גרויס, טאָ ווי קאָן מען דאָס וויסן אַקוראַט, וואו די גזלנים באַהאַלטן?

—דו ווייסט נישט און איך ווייס יאָ!

—אדרבא, זאָג מיר אויך!

—די גזלנים באַהאַלטן דאָס-רוב זייערע אוצרות אָדער אונטער אַ סענקעוואַטן בוים, וואָס געפֿינט זיך נעבן אַ טייך, אָדער אונטער אַ שטוב, וואו ס׳וואוינען קיין מענטשן נישט און ס׳טאַנצן ביי-נאַכט שדים.

פֿאַר אַ סענקעוואַטן בוים ביי אַ טייך האָט העקעלבערי געוויס קיין מורא נישט געהאַט, אָבער פֿאַר אַ פּוסטן בנין, וואו ס׳טאַנצן שדים ביי דער נאַכט, האָט ער זיך שטאַרק געשראָקן און ער האָט געזאָגט:

—לאָמיר בעסער גיין גראָבן אונטערן בוים ביים טייך...

—אויב דו ביזט אַ שרעקעדיקער, טאָ נעם זיך בעסער נישט אָן!— האָט אים טאָם מיט גאווה מתרה געווען.—איידער צו גיין מיט אַ פּחדן, וועל איך שוין בעסער אַליין אָפּטאָן די אַרבעט און אַז איך וועל געפינען אַן אוצר, וועל איך זיך מיט קיינעם נישט דאַרפן טיילן.
—כ'זאָג נישט, אַז כ'האָב מורא,—האָט זיך העקעלבערי אָנגעהויבן פאַרענטפערן,—נאָר איידער צו גיין אינמיטן נאַכט אין אַ חורבה מיט שדים, איז דאָך בעסער...
—די שדים נעם איך אויף זיך!—האָט טאָם העלדיש דערקלערט.— וואָרום איך ווייס שוין דעם פּסוק, מיט וועלכן מ'קאָן פאַרשווערן די שדים, אַז זיי זאָלן אויף אונז קיין שליטה נישט האָבן.

—אַזוי?! ווייסטו דעם פּסוק?
—אודאי ווייס איך!
—זאָג מיר אויך אויס.
—דאָס טאָר מען נישט, וואָרום די נישטגוטע קאָנען אויפהערן פאָלגן.
—אָבער אַז מיר וועלן זיי באַשווערן זאַלבענאַנד, וועט דאָך זיין בעסער.
—כ'וועל זען דאָרטן אויף אַן אָרט: אויב מען וועט קאָנען, וועל איך דיר אפשר אויסלערנען דעם פּסוק.
—גוּעדיינק-זשע, זאָלסטו מיר אויסלערנען, יאָ?
טאָם האָט אים צוגעזאָגט, און טאַקע דאָרטן אויף אַן אָרט האָבן ביידע חברים אָפּגערעדט, אַז נאָך היינט ביי דער נאַכט וועט העקעלבערי אַ פייף טאָן טאָמען אונטערן פענסטער, זיי וועלן נעמען מיט זיך אַ פּאָר רידלען און וועלן אַוועקגיין גראָבן אַן אוצר.
גאַנצע זעקס נעכט האָבן די פּאָר חברים געאַרבעט אַרום דער צעבראָכענער באָד, וואָס איז געשטאַנען ווייט הינטערן שטעטל און וואו אַ מענטשנס פוס פלעגט נישט איבערטרעטן. זיי האָבן געגראָבן אין דער מיט און אין דער ברייט און אין דער לייננ און—נישטאָ קיין אוצר. טאָם האָט נאָך אפילו חשק געהאַט ווי-

טער צו גראָבן: „ס׳מוז דאָרטן זיין אַן אוצר!״—האָט ער כסדר געשריען. נאָר העקעלבערי איז געווען זיכער, אַז טאָם האָט נישט גוט געוואוסט דעם פסוק, וויאַזוי צו פאַררײדן די נישט-גוטע, און וויבאַלד אַזוי, איז דאָך אומזיסט די אַרבעט. צום סוף האָט טאַקע טאָם מודה געווען:
—ס׳קאָן זיין, אַז כ׳האָב פאַרגעסן אַ וואָרט אין דעם פסוק...

# XVI.

נאָך דעם נישט איינגעגעבענעם פּרוּב מיטאַמאָל רייך צו ווערן, איז טאַם ווידער אומעטיק געוואָרן און וואָכן-לאַנג איז ער כמעט פון שטוב נישט אַרויס, אַחוץ, וואָס ער פלעגט זיך ביי זיי אויפן הויף אַלע טאָג טרעפן מיט זיין בעסטן חבר העקעלבערי.

די מומע פּאָלי פון איר זייט איז געווען זייער צופרידן, וואָס טאָם איז דאָס רוב אינדערהיים, מחמת דאַן איז זי דאָך לכל-הפחות זיכער, אַז ער לעבט און אַז ער וועט איר נישט מאַכן קיין בזיונות. אָבער, ערשטנס, האָט זי געהאַט געגוג צער און האַרצווייטאָג אפילו בשעת ער איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען, ווארום ס'איז נישט אַריבער אפילו איין טאָג, אפילו איין שעה, טאָם זאָל איר מיט עפּעס נישט מצער זיין. דאָ שניצט ער מיט אַ מעסער און צעשניידט זיך אַ האַנט; דאָ האַנדלט ער איין דורך העקעלבערי אַ טייבעלע, וואָס צעברעכט אַלע גלעזער אין שטוב; דאָ ברענגט ער מיט זיך אַ ביידן הונט, וואָס בייסט איין די קוזינע מערי, און מ'מיינט, אַז ד'ער הונט איז גאָר געווען אַ משוגענער; דאָ שטעלט ער אַנ'דער דעם קליינעם סיד אויפן

קאָפּ און ביים יינגל גייט בלוט פון נאָז, און אַחוץ אַלץ, האָט די מומע קיין זאַך פון אים נישט געקאָנט באַהאַלטן, וואָרום טאָם האָט שוין געהאַט אַזאַ נאָז, מיט וועלכן ער האָט דער־שמעקט פאַר אַ מייל, און האָט ער נאָר וואָס דערזען—איז שוין פון דעם באַלד קיין זכר נישט געבליבן.

—געוואַלד, וואָס וועט דאָס זיין פון דיר?—האָט אים די מומע כסדר געמוסרט.—זאָג, וואָס וועט פון דיר זיין?!

דאָס רוב פלעגט טאָם גאָר קיין זאַך אויף דעם נישט ענטפערן, און בעת די מומע האָט גערעדט און האָט זיך אויף אַ רגע אָפּ־געקערט אָן אַ זייט, האָט ער דערווייל אַרויסגעכאַפּט אַ שטיקל צוקער פון דער פושקע, און, קייענדיק, האָט ער דערביי געגעבן דעם קליינעם סיד אַ סימן, ער זאָל האַלטן דאָס מויל—אַנישט וועט ער זיך מיט אים אָפּרעכענען אויף דער וועלט. זעלטן זעלטן נאָר פלעגט טאָם ענטפערן דער מומע:

—וואָס פרעגט איר?

—אַז דו רעדסט ווי אַ פיין קינד, האָב איך דיך האָלט!

—איך האָב אייך אויך האָלט, מומע.

—דו זאָגסט דאָס מיטן גאַנצן האַרצן, מיין קינד?

—זאָל איך איינגעזונקען ווערן אויף אָט דעם אָרט, מומע, אויב איך זאָג ליגן!

—שווערן דאַרפסטו נישט, מיין קינד—איך גלויב דיר אַזוי אויך, וואָרום איך ווייס, אַז דאָס האַרץ איז ביי דיר אַ גוטס און אַז דו ביזט נאָר שטאַרק צעלאָזן.

—וואָס טו איך, מומע, וואָס טו איך דאָ אַזוי?! דאַכט זיך, איך טשעפּע קיינעם נישט!

—דאָך היינט אינדערפרי האָסטו מיט די פינגער געלעקט דעם האָניק פון קריגל—איז דאָס פיין אַזוי, האַ?

—דאָס האָט אייך מסתמא סיד דערציילט—איך וועל אים שוין דערפאַר באַצאָלן, נישקשה!

—זעסטו שוין—אַן אייגענעם ברודערל אפילו ושאַלעוועסטו אויך נישט. דאַרף דאָס אַזוי זיין, האַ?

—זאָל ער נישט מסרן, פאַרשטייסטו?

די מומע שאָקלט מיטן קאָפּ, ווישט די אויגן פון צער און פרעגט ווידער:

—וואָס וועט דאָס זיין פון דיר, וואָס וועט דאָס פון דיר זיין?

—וואָס וועט פון מיר זיין?

—יאָ, וואָס וועט פון דיר זיין?

—פון מיר וועט זיין, מומעלע...

—נו, וואָס?

—איך וועל זיין אַ גלח! גוט, מומעלע? ס'איז איין עפּעס געפעלן אַ גלח?

—הלואי וואָלט דאָס אמת געווען, אָבער דאָס האַרץ זאָגט מיר עפּעס, אַז...

—וואָס זאָגט אייך דאָס האַרץ?

און דאָס האַרץ האָט דער מומע פּאָלי געזאָגט, אַז קיין נחת וועט זי שוין פון טאָמען אַלצאיינס נישט דערלעבן, וואָרום זי איז פון צער און פון עגמת-נפש אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז ווער ווייס, צי וועט זי שוין גאָר לאַנג לעבן.

—אַז דו וועסט בלייבן אָן דער מומע פּאָלי, וועסטו ערשט דעמאָלט פאַרשטיין, ווען דו האָסט פאַרלאָרן און ווי טייער דו האָסט די מומע געדאַרפט האַלטן: ס'וועט שוין אָבער דעמאָלט זיין שפּעט...

ביי אַזעלכע דבורים ווערט טאָם אַ ביסל ערנסטער. ער הויבט אָן קראַצן דעם קאָפּ, אַרומגיין איבערן שטוב און צום סוף רעדט ער אַרויס מיט אַ קול פון רחמים:

—אַז ס'איז מיר אומעטיק, מומע! ס'איז מיר דאָ ביי אייך אַזוי אומעטיק, אַז...

—אומעטיק גאָר איז דיר? וואָס הייסט דאָס עפּעס אומעטיק? מסתמא דערפאַר, וואָס דו פאַרגעסט זיך אָפּט צו לייענען קריאת שמע פאַרן שלאָף...

—דאָס האָט אייך סיד איינגעמסרט! איך וועל זיך שוין מיט איט אָפּרעכענען, נישקשה!

—זעסטו, אַז מער ווי וועגן שלאָגן זיך אין מער ווי וועגן מצער

זיין די מומע טראַכסטו גאָרנישט; וואָס פאַרט וועט דאָס פון דיר זיין, האַ?

—איך וועל זיין, כ'וועל זיין, כ'וועל זיין...

—אַז מען האָט אַזעלכע גוטע חברים...

—העקעלבערי איז אַ גנבֿ!—שרייט פּלוצלונג אויס דער קליינער סיד.—איך קאָן זיך שווערן!

טאָם טוט זיך אַ וואָרף אויפן ברודערל, קוליעט אים איבער דריי מאָל, אין שטוב ווערן קולות, די מומע שמייסט אָפּ טאָמען מיט אַ רוט און גייט אַרויס מיט אַ צעבראָכן האַרץ. אַמאָל פאַלט אפילו איין דער מומע פאַלי, אַז אפשר איז נאָך מיט טאָמען טאַקע גאָרנישט אַזוי געפערלעך, אפשר האָט ער זיך טאַקע אַרויסגעכאַפּט אין אַ גוטער שעה און וועט טאַקע אויף אַן אמת ווען ס'איז זיין אַ גלח—ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך. אגבֿ, פּרובט זי זיך אַליין טרייסטן, זיצט דאָך טאָם גאַנצע טעג אין שטוב, טוט קיינעם קיין שלעכטס נישט, אַחוץ דער אייגענער מומע און וואָס זעט מען דאָ אַזוי אויף אים? ס'קאָן נאָך אַלץ זיין... הלוואַי, רבונו של עולם!

אָבער פאַר די לעצטע טעג האָט די מומע באַמערקט, אַז העקעלבערי פאַרברייננגט מיט איהר טאָמען שעהן-לאַנג אויפן הויף און כסדר זיי סודן זיך, כסדר מ'שושקעט זיך און וואָס-ווען—ווייס קיינער נישט!

—טאָם, וואָס האָסטו מיט אים פאַר אַ געשעפטן, האַ?

—מיט וועמען?

—דו ווייסט שוין אַליין מיט וועמען!

—מיט העקעלבערי, מיינסטו?

—יאָ.

—איך דינג ביי אים אַ מעסערל!

—אָבער זיינען דאָס ביי אייך אַזעלכע סודות, האַ?

—העקעלבערין איז אויך אומעטיק...

—וואָס איז אים?

—ס'איז אים אומעטיק, מומע, טאַקע אַזוי ווי מיר איז אומעטיק, איר פאַרשטייט, מומע.

—כ'וועל דיר באַלד גיין באַשטעלן אַ כלי-זמר מיט אַ פידל! געזען אַ בינכל—אומעטיק איז זיי גאָר! האָט זיך אויסגעקליבן אַ חבר, זאָל מיר גאָט נישט שטראָפן פאַר מיינע רייד...
—מומע, העקעלבערי וועט נאָך אפשר ווען ס'איז אויך זיין אַ גלחו!
—אָט דער יונגאַטש?...
—וואָס איך וועל זיין—וועט ער אויך זיין!

— — — — — — — — — — — — — —

איינגיכן איז טאָם ווידער פאַרשוואונדן געוואָרן פון שטוב, און די מומע פאָלי מיט העקעלבעריס מאַמען האָבן זייערע קינדער געזוכט און געזוכט און—
טאָם איז שוין אָבער מער אַהיים קיינמאָל נישט געקומען. העקעלבערי אויך נישט.
אין שטאָט רעדט מען, אַז טאָם מיט העקעלבערי זיינען געוואָרן אמתע גזלנים.

